א. פּעטשאָרסקי

# דער אופשטאנד אין סאביבור

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס״
מאָסקווע 1946

ליטעראַרישע באַאַרבעט
פון נ. לוריע

А. ПЕЧОРСКИЙ

# ВОССТАНИЕ В САБИБУРЕ

Редактор *Б. Котик*. Художник *Г. Ингер*. Техред. *М. Погостер*.

Б—0398. Сдано в производство 26/VII-46 г. Подписано к печати 5/Х-46г.
Печ. л. 2.. Уч.-изд. л. 2,8. Формат 70x108. Тип. зн. в л. 58.500. Тираж 12.000. Зак. 411

13-ая типография треста „Полиграфкнига" ОГИЗ'а при Совете Министров РСФСР.
Москва, Денисовский, 30.

אין סעפטעמבער 1943 יאָר האָבן די דײַטשן אָנגעהויבן אײַליק ארויספירן פון מינסקער געטאָ דעם רעשט ייִדן, וואָס איז צו יענער צײַט נאָך דאָרט פארבליבן. פארטיעסוויַיז צו 2.000 מאן האָט מען זיי פון געטאָ אריבערגעוואָרפן אין לאגער אפ דער שיראָקער גאס, און פון דאָרטן — אָפגעשיקט ווײַטער.

די גרונט-אײַנוווינער פונעם עס-עסישן ארבעט-לאגער אפ שיראָקע זײַנען געווען: 500 ייִדן פאכלײַט, אויסגעטיילטע מיט א צײַט פריִער פון מינסקער געטאָ; בא א הונדערט ייִדן קריגס-געפאנגענע און א 300 ניט-ייִדן, אײַנגעזעצטע פאר אלערליי קליינע כאטאָים. 5 אזייגער אינדערפרי האָט מען זיך אופגעהויבן פון די געלעגערס. 8 פארנאכט האָט מען געענדיקט די ארבעט. ברויט האָט מען באקומען צוויי מאָל אין מעסלעס צו 150 גראם, אפ מיטיק — א זופ פון קארטאָפל-שאָלעכצ מיט נישט — און דאָס גאָר.

כוץ דעם שטענדיקן קאטאָרזשנעם דעוזשים האָט זיך די קאָמאנד-שאפט אָפט פארגונען געוויסע „פארווײַלונגען". אשטייגער, אין אָוונט, באם ארויסגעבן די ברויט-פאָרציע גיט אָפּ דעם קאָמענדאנטס געהילפ א באפעל זיך אויסשטעלן איינער נאָך איינעם, די נאָז צום שאָכנס נאקן, דאן לייגט ער ארוף דעם ערשטן אפן אקסל די האנט מיטן פיסטאָלעט און נעמט שיסן לענגויס דער ריי. ווער ס'האָט פארשפע-טיקט אָדער ניט אזוי פונקט אין דער סטרונע זיך געשטעלט, יענעם טרעפט די קויל. אָדער אזוינס — מע ליגט שוין אפ די נארעס, קומט ארײַן אליין דער קאָמענדאנט וואקס מיט זײַנע צוויי שאָפ־הינט און נעמט זיי אָנרייצן, אפ וועמען ס'פאלט אים אײַן. די הינט רײַסן די קאָלדרעס, די לײַבער, און מע מוז ליגן און שווײַגן, אויב מע וויל ניט באצאָלן מיטן לעבן,

איינעם א לאגערניק האָט מען כּוישעד געווען, אז ער האָט צו־געשלעפּט איבעריקע 200 גראַם ברויט, האָט מען אים צוגעבונדן צו א פּאָס, און צוואַנציק פאשיסטן האָבן איינער נאָכן אַנדערן, פּונקט צו איין מינוט איטלעכער, אים געשלאָגן מיט א רידל איבער די פּיאַטעס. ווען ער האָט פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזיין, האָט מען אים אָפּ־געגאָסן מיט אײַזקאַלטן וואַסער און ווײַטער געשלאָגן.

ביז אַהער האָט מען פונעם גרונט־באַשטאַנד נאָך קיינעם ניט אָפּגעשיקט. דעם 18 סעפּטיאַבער האָט מען געהייסן אַלע יידן זיך אויסשטעלן אין הויף. ס'איז געווען 4 אַזייגער פאַרטאָג, נאָך גאַנץ טונקל. פאַרהילטע אין דער טונקלקייט, מיט די קלומעקלעך אין די הענט, איז מען געשטאַנען אין ריי נאָך די 300 גראַם ברויט, וואָס מע האָט אַרויסגעגעבן אויפן וועג. דער הויף איז געווען פול, נאָר מע האָט ניט געהערט קיין הויך קאָל, קינדער האָבן אין שרעק זיך געטוליעט צו די מוטערס. ס'איז געווען שטילער ווי אַלעמאָל. אין דעם פרימאָרגן האָט מען קיינעם ניט געשמיסן, קיינעם ניט אָפּגע־גאָסן מיט זודיק וואַסער, אויף קיינעם ניט אָנגערייצט די הינט. דער קאָמענדאַנט וואַקס האָט, שפּילנדיק מיט זײַן בײַטשל, געמאָלדן:

— באַלד וועט מען אײַך אָפּפירן אויף דער סטאַנציע. איר פאָרט קיין דײַטשלאַנד. דאָרט וועט איר אַרבעטן. היטלער געפינט פאַר מעג־לעך צו שענקען דאָס לעבן יענע יידן, וואָס ווילן ערלעך אַרבעטן פאַר דײַטשלאַנד. איר פאָרט צוזאַמען מיט אײַערע פאַמיליעס, און איר קאָנט מיטנעמען אײַערע בעסערע זאַכן.

די פרויען מיט די קינדער האָט מען אָפּגעפירט צו דער סטאַנ־ציע אויף מאַשינען. מיר, מאַנצבלען, זײַנען געגאַנגען צופוס. אונטער־וועגס איז געלעגן פאַרבײַ דער געטאָ. ווי מע האָט אונדז פון דאָרטן דערזען, האָט מען גענומען וואַרפן אונדז איבער דראָט ברויט און אַנדער עסנוואַרג. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן געזעגן־אויסרופן, יאָ־מער־געשרייען, אַלע האָבן גוט געוווּסט, אויף וואָס מע האָט זיך צו ריכטן.

מע האָט אונדז אַרײַנגעשפּאַרט צו 70 מענטשן אין א וואַגאָן — מאַנצבלען, פרויען און קינדער — אַלע אינאיינעם. קיין נאַרעס, קיין בענק זײַנען ניט געווען. וועגן ליגן האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן.

זעלטן ווען ס'האָט זיך אײַנגעגעבן צוועצן זיך אַף עטלעכע מינוט. אפילע שטיין איז אויסגעקומען ענג צונויפגעקוועטשט, די טירן האָבן זיך ניט געעפנט, די פענצטער זײַנען געווען פאַרצאַמט מיט שטעכ-דראָט. קיין שפּײַז, קיין טרונק וואָסער האָט מען ניט געגעבן, מע האָט קיינעם ניט אַרויסגעלאָזט אין דרויסן צו טאָן זײַנע באַדערפעניש. אַזוי זײַנען מיר געפאָרן פיר מעת־לעת, ניט צו וויסן וווּהין.

אַפן פינפטן טאָג פאַרנאַכט זײַנען מיר אָנגעקומען אַף אַ פאַר-וואָרפענעם פּאָלוסטאַנעק. אַף אַ ווײַסן שילד איז מיט גרויסע גאָ-טישע אויסיִעס געווען אָנגעשריבן: „סאַביבור”. רעכטס פון דער סטאַנ-ציע האָט זיך געצויגן אַ וואַלד. אין דער לינקער זײַט האָט זיך גע-צויגן אַ דרײַמעטערדיקער צוים פון דרײַ רייען שטעכ-דראָט.

דעם צוג האָט מען אַריבערגעפירט אַף אַ רעזערוו-ליניע. מע האָט אונדז געבראַכט וואַסער — דאָס ערשטע מאָל פאַר די פינף טעג. קיין עסן האָבן מיר נאָך אַלץ ניט באַקומען. אַף איבער נאַכט האָט מען אונדז צוריק פאַרשפּאַרט אין די וואַגאָנען. דעם 23 סענטיאַבער 9 אַזייגער אינדערפרי האָט דער לאָקאָמאָטיוו הינטערוויַילעכס פּאַמע-לעך צוגערוקט אונדזער עשעלאָן צו אַ טויער אין דער דראָט-פאַר-צאַמונג, אַף וועלכן ס'איז געהאַנגען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: „זאָנדערקאָמאַנדאָ”.

אַרײַנגעלאָזט דעם צוג, האָט זיך דער טויער באַלד פאַרמאַכט. הונ-געריקע, צעבראָכענע, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אויסלאָדן פון די וואַ-גאָנען. פון אַ ווײַסער שטוב איז אַרויס אַ גרופּע פון 11 דײַטשישע אָפיצערן מיט בײַטשלעך אין די הענט, אין דער שפּיץ — אַ וואָקסי-קער, דיקער דײַטש — דער אָבערשאַרפירער גאָמערסקי, אַ געוועזע-נער בערלינער באָקסיאָר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן אונדז מיט ברייט-צעשטעלטע פיס, שאַרף אונדז אָנגעקוקט אַ ווײַלע און אויסגערופן:

— סטאָליאַרעס און טעסלערס, אָן מישפּאָכעס — פאָרויס!

ס'האָבן זיך געמאָלדן אַן 80 מאַן, מערסטנטייל קריגס-געפאַנגענע, צווישן זיי אויך איך. אונדז האָט מען אָוועקגעטריבן אין אַ צווייטן הויף, וואָס איז געווען אָפּגעצאַמט מיט דראָט. דאָרט האָט מען אונדז

אויפֿגעפּירט אין א לאנגן באראק מיט צוויי שטאָק הילצערנע נארעס און גע־הייסן פֿארגעסן אונדזערע ערטער. אלע איבעריקע פֿון אונדזער עשעלאָן זיינען פֿאר־בליבן אויף יענער זייט דזשאָט, און מיר האָבן זיי שוין מער ניט געזען.

ס׳איז געווען א זוניקער, ווארעמער טאָג. איך און נאָך עטלעכע פֿון אונדזער באראק זיינען ארויס אין הויף. זיצנדיק אויף די קלעצער, וואָס זיינען דאָרט געלעגן, האָט מען זיך צערעדט, איטלעכער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין היים, אָן זיינע אייגענע און ליבע. איך בין א ראָסטאָווער, קיין ידיעות האָב איך פֿון מיין פֿאמיליע ניט געהאט, נאָר איך בין געווען זיכער, אז זי האָט זיך עוואקוירט. שלוימע לייטמאן איז א ווארשעווער. ווען די דייטשן זיינען אָנגעפֿאלן אויפֿן סאָוועטנפֿארבאנד, איז זיין ווייב מיט די קינדער געווען אין מינסק. זיי האָבן קיין מעגלעכקייט ניט געהאט צו אנטלויפֿן און זיינען אומ־געקומען אין געטאָ. צו אונדז האָט זיך צוגעזעצט ניט קיין הויכער, געפּאקטער ייִד. ער האָט אויסגעזען א יאָר פֿערציק. ער איז ערשט געקומען פֿון דער ארבעט ערגעץ פֿון אן אנדער הויף.

— פֿונוואנען זייט איר? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר אויף ייִדיש.

שלוימע האָט אים דערקלערט, אז איך פֿארשטיי ניט קיין ייִדיש, ווייל איך בין אויסגעוואקסן ניט אין קיין ייִדישער סוויווע. אונדזער ווייטערדיקער שמועס איז געגאנגען מיט שלוימעס הילף. דאָ האָב איך באמערקט גרויסע קנוילן רויך, וואָס זיינען צאָפּן-מיירעוודיקער פֿון אונדז געשטיגן ארויפֿצו און אוועק אין דער ווייט. אין דער לופֿט האָט זיך פֿארשפּרייט א שארפֿער ריח פֿון סמאליענעס.

— וואָס ברענט עס דאָרטן? — האָב איך געפֿרעגט.

— קוקט ניט אהין, — האָט דער ייִד געענטפֿערט: — דאָרט ברענען די קערפּערס פֿון אייערע כאווירים, וואָס זיינען היינט געקומען צו פֿאָרן אינאיינעם מיט אייך.

מיר איז פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט פֿאָרגעזעצט:

— איר זייט ניט די ערשטע, ניט די לעצטע. ניט זעלטענער ווי איבער א טאָג קומען אהער אָן עשעלאָנען צו 2,000 מאן, און דער לאגער עקזיסטירט שוין באלד אָנדערהאלבן יאָר צייט. דעם כעזשבן קאָנט איר שוין מאכן אליין. דאָ זיינען געווען ייִדן פֿון פּוילן,

פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע, פֿון פֿראַנקרײַך, פֿון האָלאַנד. נאָר פֿון סאָוועטן־רוסלאַנד האָבן מיר ביז איצט נאָך קיינעם ניט געזען.

דאָס איז געווען אַן אַלטער לאַגערניק. זײַן אַרבעט איז געווען סאָרטירן די זאַכן פֿון די געהאַרגעטע. ער האָט אַ סך געוווּסט. פֿון אים זײַנען מיר געוווירע געוואָרן, וווּהין אונדזערע כאַווייִרים זײַנען פֿאַרשוווּנדן און וויאַזוי דאָס גייט צו. מיט פּאָשעטע ווערטער, ווי ס׳וואָלט זיך גערעדט וועגן געוויינלעכע זאַכן, האָט ער דערציילט, און מיר, די נײַ־אָנגעקומענע, וואָס האָבן שוין ביז אַהער אויך ניט ווייניק איבערגעלעבט, האָבן פֿאַרציטערטע געהערט זײַן דערציילונג.

— באַלד ווי מע האָט אײַך אָפּגעטיילט און אַוועקגעשיקט, האָט מען די איבעריקע צוגענומען אין אַ צווייטן הויף. געוויינלעך נעמט מען אַהינצו אַלעמען, קיינעם ניט אויסגעטיילט. דאָרט באַפֿוילט מען זיי אָנידערלייגן די פּעקלעך און זיך אויסטאָן, ווײַל מע גייט אין באָד. די פֿרויען שערט מען אָפּ די האָר. אַלץ ווערט געטאָן שטיל און גיך. אין איינע העמדער מיט הוילע קעפּ גייען די פֿרויען צוזאַמען מיט די קינדער. הינטער זיי, אָפּגערוקט אַ הונדערט טריט, גייען די מאַנצבלען אינגאַנצן נאַקעטע, אַלע — באַגלייט פֿון אַ שטאַרקער וואַך. אָן דאָרטן איז זי, די באָד, ניט ווײַט פֿון דעם אָרט, וווּ איך זעט דעם רויך. צוויי געבײַדעס שטייען דאָרט — איינע פֿאַר פֿרויען און קינדער, די צווייטע פֿאַר מאַנצבלען. וויאַזוי דאָס איז אינווייניק אײַנגעאָרדנט, האָב איך אַליין ניט געזען, נאָר מענטשן, וואָס ווייסן, האָבן אויסגעמאָלט. אויפֿן ערשטן קוק איז אַלץ אַזוי, ווי אין אַ באָד דאַרף זײַן: קראַנען פֿאַר הייס און פֿאַר קאַלט וואַסער, שיסלען צום וואַשן זיך... ווי די מענטשן קומען אַהין אַרײַן, ווערן די טירן טייקעף פֿאַרהאַקט, און פֿון אויבן הייבן אָן זיך אַראָפּלאָזן געדיכטע טונקעלע קנוילן, ס׳דערהערן זיך שוידערלעכע געשרייען, נאָר זיי געדויערן ניט לאַנג. גיך גייען זיי איבער אין אַ כאָרכלען, אין אַ וואָרגן זיך און קאָרטשען זיך. מוטערס דעקן צו, זאָגט מען, זייערע אייפעלעך מיט די קערפּערס. דער „באָד־מײַסטער" גיט אַכטונג אויפֿן גאַנג פֿון דער פּראָצעדור דורך אַ קליין שײַבל אין דער סטעליע. אין דער פֿופֿצנטער מינוט איז אַלץ

פארענדיקט, די דילן עפענען זיך און די טויטע קערפּערס שיטן זיך אויס אין וואַגאָנעטקעס, וואָס שטייען שוין גרייט אונטן, אין די באָד־קעלערס. די אָנגעפילטע וואַגאָנעטקעס קײַקלען זיך שנעל אַרויס. אַלץ איז אָרגאַניזירט לויטן לעצטן וואָרט פון דער דײַטשישער טעכניק. די קערפּערס ווערן אין דרויסן אויסגעלייגט אין א געוויסן סיידער. מע באַגיסט זיי און מע צינדט זיי אונטער. אָן דאָרט ברענען זיי. מיר וועלן אויך אַזוי ברענען. אויב ניט מאָרגן, איז אין א וואָך אַרום, אין א כוידעש אַרום...

אין דער נאַכט האָט זיך אונדז ניט געשלאָפן, ווי פאַרמאַטערט מיר זײַנען ניט געווען.

— סאַשע, וואָס וועט עס זײַן? — האָט געמאָנט בא מיר שלוימע, מײַן שאָכן אַפּ די נאַרעס.

איך האָב אים גאָרניט געקאָנט ענטפערן. אַפּן האַרצן איז געווען צו שווער, און איך האָב זיך געמאַכט שלאָפנדיק. נעליע איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, א צוויי־יאָריק מיידעלע מיט א געקרײַזלט קעפּעלע, וואָס איז געפאָרן מיט אונדז אין וואַגאָן. איצט האָב איך זי געזען אין יענער שרעקלעכער באָד. מיר האָט זיך געדאַכט, איך בין אויך דאָרטן, איך ווער דערשטיקט אינאיינעם מיט זיי.

מיט די געדאַנקען בין איך אַנדרעמלט געוואָרן, פלאַמען האָבן זיך מיר פאָרגעשטעלט, הענט אין די פלאַמען, אַפּ די הענט די קליינינקע נעליע. נאָכדעם האָבן די פלאַמען זיך פאַרוואַנדלט אין גאַלאָפּירנדיקע פערד, דײַטשן אַפּ די פערד האָבן זיך געיאָגט נאָך עמעצן, זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך עלאָטשקען, נאָך מײַן טאָכטער, אָט־אָט פאַקן זיי זי... פאַר ווײ און שרעק האָב איך, ווײַזט אויס, גענומען שרײַען.

— סאַשע, וואָס איז מיט דיר? כאַפּ זיך אויף, — האָב איך דערהערט שלוימעס קאָל און זיך אויפגעזעצט אַפּן געלעגער.

באַלד פון די ערשטע טעג, ווי מיר זײַנען אָנגעקומען אין סאָביבור, האָב איך אָנגעהויבן מאַכן נאָטיצן, אין וועלכע איך האָב גאַנץ קורץ און מיט אַן אומישנע פאַרדרייטן קסאַוו פאַרשריבן די וויכטיקסטע פאַקטן פון אונדזער לאַגער־לעבן. ערשט מיט א יאָר שפּע-

טער האָב איך זײ דערשפּירדט און דערגאַנצט לויטן זיקאָרן. די ערשטע נאָטיץ איז דאַטירט מיטן 24 סעפּטיאבער 1943 יאָר.

24 סעפּטיאבער. נעכטן זײַנען מיר אָנגעקומען אין לאַגער, הײַנט האָט מען אונדז אויפגעהויבן פון די געלעגערס 5 אזייגער. איטלעכער האָט באַקומען א קענדל אָקרעפּ אָן ברויט. האלב זעקס האָט מען אונדז געציילט, זעקס איז מען ארויס צו דער אַרבעט. די קאָלאָנע האָט זיך אויסגעשטעלט צו דרײַ אין א ריי, פאָרנט זײַנען געגאַנגען די רוסישע יידן, וואָס זײַנען געקומען מיטן נעכטיקן עשעלאָן, נאָך זיי — די פּוילישע, טשעכישע, האָלענדישע. דער אָבערשאַרפירער פראַנץ האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן:

— די רוסישע זאָלן זינגען רוסישע לידער.

— מיר ווייסן ניט, וועלכע לידער מע מעג זינגען. — האָב איך זיך אָפּגערופן.

דער קאַפּאָ (פּאָליציאַנט — איבערזעצער פון צווישן דעם ארעס-טאַנטן-באַשטאַנד) האָט איבערגעגעבן מײַנע ווערטער.

— זינגט, וואָס איר ווייסט, — האָט פראַנץ געענטפערט.

— סאשע, וואָס זינגט מען? — האָט זיך געווענדט צו מיר ציבול-סקי, א ייד פון דאָנבאַס, א הויכער, מיט א קײַלעכיק פּאָנעם.

— „יעסלי זאַווטרא וואָינאַ".

— וואָס רעדסטו? זיי וועלן אונדז מיימעסן.

— זינג, זאָגט מען דיר, קיין אַנדערע לידער ווייסן מיר ניט.

ציבולסקי האָט אָנגעהויבן:

Если завтра война,
Если завтра поход,
Если грозная сила нагрянет...

אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט:

Как один человек,
Весь советский народ
За свободную родину встанет.

פונעם באַראַק, פאַרבײַ וועלכן אונדזער קאָלאָנע איז געגאַנגען, איז ארויסגעלאָפן די וואַך. אין אָט דעם לאַגער פון פּײַן און טויט

האָט די סאָוועטישע ליד געקלונגענ, ווי א פרילינג-דונער. מיר אלײנ האָבנ זיכ דערפילט אָפגעפרישט און דערמונטערט, ווי מיר וואָלטנ באַקומענ א גוטנ גרוס, אנ אָנזאָג פונ אויסלייזונג און ניצאָכנ.

מע האָט אונדז געבראַכט אינ דעמ אזויגערופענעמ „באָרד-לאַגער", וואָס מע האָט נאָכ געהאַלטנ אינ בויענ. דאָרט זײַנענ געשטאַנענ נײַנ באַראַקעס שוינ קימאַט פאַרטיקע. א טייל פונ אונדזער קאָלאָנע האָט מענ געשטעלט אפ פאַרשיידענע טעסלער-אַרבעט, די איבעריקע האָבנ געהאַקט האָלצ. דער טאָג איז אדורכ מער אָדער ווייניקער „גלאַט", בלויז פופצנ אונדזערע האָבנ באַקומענ צו פינפ און צוואַנציק שמיצ דערפאַר, וואָס זיי זײַנענ ניט געווענ גענוג פלײַסיק. דערבײַ האָט יעדערער אלײנ געמוזט ציילנ די שמיצ. טאָמער האָט עמעצער פאַר אופגע-רעגטקײַט אמאָל געגרײַזט, האָט מענ אָנגעהויבנ דעמ כעזשבנ פונ אָנהייב.

25 סענטיאַבער. אינ דעמ טאָג האָט מענ אונדז געגעבנ אנ אופגאַבע: איבערוואַרפנ קוילנ פונ איינ אָרט אפנ אַנדערנ. אפ מיטיק האָבנ מיר באַקומענ בלויז צוואַנציק מינוט. פראַנצ איז די גאַנצע צײַט געשטאַנענ לעבנ דעמ קעכער און אימ אונטערגעאײַלט, אָפט געטאָרעט מיטנ בײַטשל, ער זאָל גיכער צעגעבנ די מוטנע פליסיקײַט, וואָס האָט געהייסנ „זופ".

ס'זײַנענ שוינ אריבער פופצנ מינוט, און בא א 300 מאַנ האָבנ נאָכ ניט באַקומענ זייער פאָרציע. דאַנ האָט פראַנצ געהייסנ דעמ קעכער ארויסגיינ אינ הויפ און זעצנ זיכ אפ דער ערד, זיצנ גלײַכ, די פיס אונטער זיכ און די הענט אראָפגעלאָזט. דער קעכער האָט געטאָנ, ווי ס'איז געווענ באַפוילנ. אונטערפײַפנדיק עפעס א מאַרש, האָט פראַנצ גענומענ דערלאַנגענ קלעפ מיטנ בײַטשל איבער דעמ קעכערס קאָפ, איבער זײַנע פלייצעס — מעטאָדיש, צומ טאַקט פונעמ ניגנ. דער קערפער פונעמ אומגליקלעכנ האָט אלעמאָל א צאַפל געטאָנ, בלוט האָט פאַרגאָסנ זײַנ פאָנעמ. ער האָט טויב געקרעכצט.

מיר האָבנ געקוקט אפ דער עקזעקוציע און געמוזט שווײַגנ. מיט פײַנ האָט מענ אראָפגעשלונגענ דאָס ביסל זופ, ס'האָט געוואָרגנ, ס'האָט זיכ געדאַכט, ס'איז אויסגעמישט מיט בלוט, א סאַכ האָבנ עס שטי-לערהייט ארויסגעגאָסנ, ווי אויסגעהונגערט מע איז ניט געווענ.

26. סעפּטעמבער. א געוויינלעכער טאָג. גאנצפרי האָבן מיר באַ־ קומען צו קענדל אָקרעפּ, צוועלף אזייגער — צו קענדל וואסער מיט טוכלע גרויפּן, אינ אָוונט — צו שטיקל ברויט. א פינף און צוואַנ־ ציק מאַן האָבן ביז דעם נאָך באַקומען צו פינף און צוואַנציק שמיץ איטלעכער פאר אַלערליי [illegible].

איך האָב צי[illegible] מיר ניט ארײַנגעכאַפּט. פאָרגעקומען איז עס אזוי. פערציק אונדזערע [illegible] געווען פארנומען מיט שפּאלטן האָלץ. הונ־ געריקע, אָפּגעצערטע און אויסגעמאַטערטע, האָבן זיי מיט גרויסער אָנשטרענגונג געהויבן די שווערע העק און אראָפּגעלאָזט זיי אף די ברייטע, פעסטע קלעצלעך. פראנץ האָט קעסיידער אונטערגעטריבן:

— שנעל, שנעל!

שטילערהייט איז ער צוגעגאנגען און האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטערן רוקן פון איינעם א האָלענדישן יידן אין ברילן, א הויכן און א שמאָלן. די קורצזיכטיקע אויגן האָבן, ווײַזט אויס, גאנץ נעפּלדיק געזען דאָס קלעצל, וואָס איז פאר אים געשטאנען. די אָפּגעשוואכטע הענט האָבן קוים אײַנגעהאלטן די האק, זי איז געפאלן אף דער קלאָץ, ווי ס'האָט זיך געמאכט, אונטערגעטאנצט, געהונקען, אָן אויס־ זיכט ווען-ניט-איז מיט דער ארבעט פארטיק צו ווערן.

פראנץ האָט א קנאק געטאָן מיט דער בײַטש. דער האָלענדער האָט א קרעכץ געטאָן פאר אומגעריכטן ווייטעק, נאָר זיך ניט דערוועגט צו ווארפן די ארבעט, ער האָט אלץ ווײַטער געקלאַפּט איבער דער קלאָץ, ווי ער האָט געקענט, און דער דײַטש האָט צום טאקט פון די קלעפּ שמייכלענדיק געקנאקט מיטן בײַטשל איבער דעם יידנס קאָפּ, פון וועלכן דאָס היטל איז אראָפּגעפאלן.

פראנץ פארבײַט איצט גאָמערסקין, וואָס איז הײַנט, זאָגט מען, אוועקגעפאָרן. דאָס איז אן אויסגעקעכלטער דײַטש, זייער ציכטיק אָנגעטאָן, די הענט שטענדיק אין הענטשקעס, אף די ליפּן שטענדיק א שמייכל, און די אויגן — קאלט ווי אײַז.

איך בין געשטאנען נאָענט פון דעם אָרט, און כאָטש איך האָב געוווּסט, אז פאר דעם מינדסטן איבערײַס אין דער ארבעט קאָן איך באַפּן דעם זעלבן פּסאק, האָב איך זיך דאָך ניט געקאָנט באַהערשן

און מאכנ זיכ ניט זעענדיק, פראנצ האָט באמערקט, אז איכ האָב אופגעהערט צו האקנ, און האָט מיכ א רופ געטאָנ:

— קאָמ!

„איכ בינ ארײַנגעפאלנ, — קלער איכ מיר, — נײַ וואָס קאָנ מענ טאָנ, דער איקער איז ווײַזנ דעמ מענוהל, אז איכ האָב קיינ מוירע ניט", — און איכ האָב גאנצ שטײַפ באגעגנט זײַנ שאר[illegible]רויעקדיקנ בליק.

ער האָט אָפּגעשטופּט דעמ האָלענדער און אפּ א צעבראָכענעמ רוסיש צו מיר געזאָגט:

— רוסקי זאָלדאט, דיר געפעלט ניט, ווי איכ באשטראָפ אָנ דעמ נאר? איכ גיב דיר פינקטלעכ פינפ מינוט, צעשפּאלטסטו פאר דער צײַט די קלאָצ, קריגסטו א פעקל סיגארעטנ, פארשפּעטיקסטו אפּ א סעקונדע, קויגסטו פינפ און צוואנציק שמיצ.

ער האָט ווידער א שמייכל געטאָנ, זיכ אָפּגערוקט אפּ עטלעכע טריט און אויסגעצויגנ פאָרויס די האנט מיטנ זייגער, וואָס איז אײַנגעפאסט געוועזנ אינ א גאָלדענעמ בראסלעט. ס'האָט זייער געצויגנ אָנכאפּנ אָט דעמ אויסגעפּאשעטנ הונט פארנ גאָרגל, נאָר כ'האָב זיכ באהערשט. ביז ער וועט באשטימענ די צײַט, דארפ מענ באטראכטנ, וויאזוי באקוועמער זי נעמענ, אָט די גראָבע סוקעוואטע קלאָצ.

פראנצ האָט א קאָמאנדעווע געטאָנ:

— הייב אָנ!

אלצ איז צוגעגאנגענ ווי אינ א נעפל. אינ דער קלאָצ האָב איכ געזענ דעמ פארצעפ פונעמ פאשיסט. מיט אלע קויכעס, מיט עמעסער סינע האָב איכ ווידער און ווידער געזעצט אינ איר מיט דער שווערער האק, ביז איכ האָב זי ניט צעקנאקט אפּ שטיקער. א שוויס האָט מיכ באגאָסנ. דער רוקנ און די הענט האָבנ ווײ געטאָנ. ס'האָט געקלאפּט אינ די שלייפנ. מיט מאטערניש האָב איכ זיכ אויסגעגליכנ און דערזענ — פראנצ דערלאנגט מיר א פעקל סיגארעטנ.

— פיר מיט א האלבער מינוט, — האָב איכ געהערט זײַנ קאָל, — איכ האָב צוגעזאָגט, באקומ.

דער גלײַכער סייכל האָט מיר אונטערגעזאָגט: „נעמ, רעג ניט אופ קעגנ זיכ דעמ נאטשאלניק פונ לאגער. ס'קאָנ דיר טײַער קאָסטנ".

נאָר איך האָב ניט געקאָנט, פיזיש ניט געקאָנט נעמען די מאַטאָנע פון דעם מענוועלס האַנט.

— א דאַנק, איך רייכער ניט, — האָב איך געענטפערט און האָב זיך אומגעקערט צוריק צו מײַן אַרבעט.

פראַנצ איז שווײַגנדיק ערגעץ אַוועק. אין א צוואַנציק מינוט אַרום האָט ער זיך באַוויזן מיט א האַלבער בולקע און א שטיק מאַרגאַרין אין דער האַנט. זײַנע גראָבע ליפּן האָבן געשמייכלט אין דער צײַט, ווען די אויסגעבאַנקעוועטע אויגן האָבן געקוקט דורכדרינגענדיק און קאַלט.

— רוסישער זאָלדאַט, נעם.

קיינמאָל אין מײַן לעבן איז מיר ניט אויסגעקומען בײַצושטיין אַזאַ ניסאָיען. איך האָב געזען, מיט וואָס פאַר א קינע אין די אויגן די כאַווייִרים קוקן אַף מיר און אַף דעם נאַטשאַלניקס גאָב. איך האָב אײַנגעאָטעמט דעם ווונדערלעכן רייעך פון דעם פרישן ווײַסן ברויט, דער בורשטינענער מאַרגאַרין האָט מיר דערמלט אויפֿגעוויזן אַזוי באַטאַמט. איך האָב שוין אַזוי לאַנג ניט געהאַט אין מויל אַזעלכע מײַכאָלים... נאָר ווידער האָט עפּעס א געפּיל, וואָס איז שטאַרקער פונעם פאַרשטאַנד, מיך געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן.

— איך דאַנק אײַך, די שפּײַז, וואָס מיר באַקומען דאָ, באַפרידיקט מיך אין דער פולער מאָס.

די איראָניע פון מײַן ענטפער האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט בלײַבן פאַרן דײַטש אומבאַמערקט. אַף א רעגע איז פון זײַנע ליפּן פאַרשוווּנדן דער געוויינלעכער שמייכל. בייז און עטוואָס צעטומלט האָט ער א פרעג געטאָן:

— דו ווילסט ניט?

— א דאַנק, איך בין זאַט.

איך האָב געזען, ווי פראַנצס האַנט האָט קראַמפּהאַפטיק צונויפגעדריקט דאָס בײַטשל, נאָר ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן, שאַרף זיך אויסגעדרייט און איז אַוועק פון הויף.

באַלד ווי ער איז פאַרשוווּנדן, זײַנען צו מיר צוגעלאָפן עטלעכע כעווירע. ס'האָבן זיך א שאָט געטאָן באַמערקונגען:

— פארוואָס האָסטו ניט גענומענ?

— פאר אזא ענטפער האָט ער געקאָנט ניט נאָר צעברעכנ די ביינער, נאָר דערשיסנ אפנ אָרט.

— וואָלסט אליינ איבערגעכאפט אונ אויכ אונדז איינגעטיילט כאָטש צו קליינע שטיקעלעכ.

נאָר אנדערע האָבנ געזאָגט:

— דו האָסט גוט געטאָנ.

איכ בינ געוועג מיד, מיר האָט זיכ אויכ געדאכט, אז איכ האָב גוט געטאָנ. דעמ שמועס האָט מענ געדארפט ענדיקנ. דער קאפאָ שמיד איז געגאנגענ צו אונדז. אלע האָבנ טייקעפ זיכ אומגעקערט צו זייערע ערטער.

27 סענטיאבער. מיר האָבנ געארבעט, ווי אינ די פריערדיקע טעג, אפנ פלאצ פונעמ „נאָרד-לאגער”. ארומ אזייגער צענ איינדערפרי גייט צו מיר צו קאָלימאלי (איינער פונ מיינע כאווייריִמ נאָכ אינעמ עשע-לאָנ, א יונגער באָכער פונ באקו, זיינ עמעסע פאמיליע איז געווענ שובייעוו) אונ פרעגט:

— סאשע, האָסט באמערקט, די דייטשנ זיינענ אלע אוועק, גע-בליבנ איז נאָר דער קאפאָ. וואָס קאָנ עס באטייטנ, ווי מיינסטו?

— איכ ווייס ניט, — זאָג איכ, — נאָר קאָלומאנ זיי זיינענ ניטאָ, דארפ מענ באקוקנ די געגנט. ס'וועט אונדז צוניצ קומענ. דו פאָרש אויס, אינ וועלכע ערטער שטייט די וואכ אונ ווענ בייט זי זיכ.

דאָ יאוועט זיכ איינער פונ די פוילישע אונ טוט שטיל א זאָג:

— ס'איז אָנגעקומענ א נייער עשעלאָנ.

אינ הארצנ האָט זיכ מיר אָפגעריסנ.

— ווו איז זי, די באָד?

— אָנ דאָרט, הינטער יענעמ באראק. א מעטער הונדערט פונדאנענ. איר זעט — א הויכע דראָט-פארצאמונג, פארשטעלט מיט צווייגנ, בא די ווינקלענ וואכ-טורעמלעכ — דאָרט איז עס.

מיט די לאָפּעטעס אינ די הענט זיינענ מיר געשטאנענ אונ גע-קוקט אינ יענער זייט. קיינ שומ באוועגונג איז דאָרט ניט געווענ צו מערקנ. ס'איז געווענ שטיל, נאָר מיר האָבנ אלצ געקוקט אונ געווארט.

מיטאמאָל האָט זיך דערהערט א שרעקלעכער געשריי פון א פרוי, פון א סאך פרויען, א געוויין פון קינדער, אויסרופן: „מאמע!.. מאַ!״... די געשרייען האָבן געקלונגען, ווי אין א כאַלעם, פון וועלכן דו ווילסט און קאָנסט זיך ניט אופכאפן. באלד האָט אין די קוילעס פון די מענטשן זיך אריינגעמישט א ווילד גראגערן פון צע־פאַלאָשעטע געגנדז. שפּעטער זיינען מיר געוווירע געוואָרן: דריי הונ־דערט געגנדז האָבן זיך דאָרט אין הויף געפיטערט. ביז די באָד האָט געדויערט, האָט מען זיך נאָך זיי געיאָגט, קעדיי זייער גראַ־גערן זאָל פארטויבן די גוואלדן פון די מענטשן.

איך האָב זיך געפילט, ווי געליימט פאר שרעק. דאָס איז געווען ניט די שרעק פארן טויט, ניין, ס׳האָט געפלעט די מוירעדיקייט פון דעם פאקט. ס׳האָט מיך געשראָקן דער באוווסטזיין פון מיין אָנמאכט. מע מוז זיך אפ עפּעס באשליסן — דאָס איז געווען דער אויספיר פונעם שרעק-געפיל.

צו מיר זיינען צוגעגאנגען שלוימע לייטמאן און באָריס ציבול־סקי, ביידע צערודערטע און בלייכע. ציבולסקי האָט געזאָגט:

— סאשע, מע דארף אנטלויפן פונדאנען. ביזן וואלד איז 200 מעטער, די דייטשן זיינען איצט פארנומען, די וואך באם צוים וועלן מיר אנידערלייגן מיט די העק.

איך האָב געענטפערט:

— אונדז וועט עפּשער געלינגען צו אנטלויפן, און מיט די אי־בעריקע וואָס וועט זיין? מע וועט זיי דאָ טייקעף אלעמען פאטערן. אויב אוועק, מוזן אלע פאראמאָל, קיינער פון אונדזערע זאָל דאָ ניט בלייבן. א טייל וועט געוויס אומקומען דערביי, נאָר די, וואָס וועלן זיך ראטעווען, וועלן נעקאָמע נעמען.

— ביסט גערעכט, — האָט ציבולסקי געזאָגט, — נאָר צופיל אָפּלייגן טאָר מען ניט. ס׳גייט צו ווינטער. אפן שניי בלייבן שפורן, און בכלל וועט ווינטער זיין שווערער לאנג זיך אופהאלטן אין וואלד.

— אויב איר געטרויט מיר, — האָב איך געזאָגט, — וואַרט און שווייגט. רעדט מער ניט וועגן דעם מיט קיינעם קיין וואָרט, ס׳וועט קומען די צייט, וועל איך זאָגן, וואָס מע דארף טאָן.

מיט אַ סאַך פֿון די איצטיקע סאָביבורער זײַנען מיר געווען ענג פֿאַרבונדן נאָך פֿון דער צײַט, ווען מיר האָבן זיך צוזאַמען געפֿונען אין מינסקער לאַגער, באַזונדערס נאָענט בין איך געווען באַפֿרײַנדעט מיט שלוימע לייטמאַנען, אַ מעבל־סטאָליער פֿון וואַרשע, אַ קאָמוניסט. אין פּוילן איז ער עטלעכע יאָר געזעסן אין טורמע. נאָך די געשעענישן פֿון 1939 יאָר איז ער אַריבערגעפֿאָרן קיין מינסק. ניט קיין הויכער, אַ דאַרער, מיט טיף אײַנגעגראָבענע אויגן און אַ פֿאַרשפּיצטער נאָז, האָט ער פֿאַרמאָגט אַ סאַך אינערלעכע ענערגיע און זייער אַ באַוועגלעכן און גלײַכן סייכל. ער האָט געקאָנט אויסגעצייכנט צוגיין צו מענטשן, ווירקן אויף זיי מיט זײַן וואָרט. מע האָט אים געטרויט און איך אַ נויט געדרונגען מיט אים זיך אַן אייצע געהאַלטן. מיר האָבן אינצווייען שוין פֿריִער ניט איין מאָל געפּלאַנעוועט אַנטלויפֿן, געפֿינען אַ וועג צו די פּאַרטיזאַנער. איצט אָבער האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מאַסן־אַנטרינונג. דאָס איז געווען אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע אונטערנעמונג, וואָס מע האָט זי באַדאַרפֿט גוט באַטראַכטן און פֿאָרזיכטיק צוגרייטן.

איך רעכן, אַז אייניקע ידיעות וועגן דעם, פֿונוואַנען איך קום און וואָס איז געווען מײַן טאָג ביז צו די געשעענישן, וואָס איך באַשרײַב, וועלן דאָ זײַן צום אָרט.

איך בין געבוירן געוואָרן אין קרעמענטשוג אין 1909 יאָר. פֿון 1915 יאָר האָבן מיר געוווינט אין ראָסטאָוו אויפֿן דאָן. איך האָב פֿאַרענדיקט אַ זיבניאָריקע שול און כּוץ דעם אַ מוזיק־שול. איך בין געווען אַ סאָוועטישער אָנגעשטעלטער און האָב דערבײַ אַ סאַך געאַרבעט אין טעאַטראַלע און מוזיקאַלע קרײַזלעך. פֿאַר דער מילחמה בין איך געווען אַן אָנפֿירער פֿון קינסטלערישער זעלבסטעטיקײַט.

גלײַך אין ערשטן טאָג פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילחמה בין איך מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ ייִנגערער קאָמאַנדיר. אויפֿן פֿראָנט האָט מען מיך אין סענטיאַבער 1941 יאָר אַטעסטירט ווי אַן אינטענדאַנט פֿון צווייטן ראַנג. איך האָב געאַרבעט אין שטאַב פֿון באַטאַליאָן און אין שטאַב פֿון פּאָלק.

אין אָקטיאַבער 1941 יאָר בין איך אַרײַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגע־

שאפט. דאָרט בין איך קראַנק געוואָרן אַף טיפוס און בין אלפי נעס לעבן געבליבן. אַלע [illegible]־קראַנקע קריגס־געפאנגענע פלעגן די דייטשן געווײנלעך דערשיסן. מיר האָט זיך אָבער איינגעגעבן צו באהאלטן מיין קרענק. אין מיי 1942 יאָר האָב איך געפרווט אנטלויפן. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען מיך מיט נאָך פיר פון די, וואָס זיינען אנטלאָפן, געכאפט. מע האָט אונדז אלע אָפגעשיקט אין א שטראָף־קאָמאנדע קיין באָריסאָוו און פון דאָרטן קיין מינסק.

אין מינסק זיינען מיר אָנגעקומען הארבסט 1942 יאָר. דאָ האָבן די דייטשן בייס א מעדיצינישער באטראכטונג אנטדעקט, אז איך בין א ייִד, און מע האָט מיך איינעם מיט נאָך אנדערע אריינגעזעצט אין דעם אזוי גערופענעם „ייִדישן" קעלער, ווו איך בין אָפגעזעסן צען טעג. אין קעלער איז געווען אבסאָליוט פינצטער, אזוי אז מיר האָבן ניט געוווּסט, ווען ס'איז טאָג, ווען ס'איז נאכט. פאר דער גאנצער צייט האָט מען אונדז קיין איין מאָל ניט ארויסגעלאָזט. עסן האָבן מיר באקומען איבער א טאָג: הונדערט גראם ברויט און א קענדל וואסער.

דעם 20 אווגוסט 1942 יאָר האָט מען מיך אָפגעשיקט אין דעם מינסקער עס־עסישן ארבעט־לאגער אַף דער שיראָקער גאס, ווו איך בין אָפגעווען ביזן 18 סענטיאבער 1943 יאָר.

דאָס איז אינקורצן וועגן מיין לעבן ביז סאביבור.

* * *

אונדזער אָנקום, דער אָנקום פון סאָוועטישע קריגס־געפאנגענע, האָט געמאכט אין לאגער א גרויסן רוישעם. מע האָט געוווּסט, ער־[illegible] גייט די שלאכט מיטן סוינע, און אָט זיינען געקומען מענטשן, וואָס זיינען שוין, עמעס, לאנג פון דער שלאכט אָפגעריסן, דאָך ברענגען זיי מיט זיך איר דערפארונג און איר אָטעם. מע האָט געקוקט אַף אונדז מיט נייגער און האָפענונג, מע האָט זיך צוגעהערט צו אונדזער וואָרט, מע האָט פארשטאנען, אז צווישן אונדז דארפן זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן נעמען אַף זיך די איניציאטיוו פון טאט, און מע האָט געוואַרט, זיי זאָלן זיך באווייזן.

פון די שמועסן מיט די אלטע לאגערניקעס און פון מיינע איי־

גענויע באאָבאכטונגען האָב איך שוין געהאט אן אלגעמיינע פאָרשטע־לונג וועגן דער אינערלעכער אָרגאניזאציע פונעם לאגער. דאָס אָרט, ווו אונדזערע ווינ־באראקעס האָבן זיך געפונען, האָט געהייסן לאגער נומ. 1. דאָ זײַנען אויך געווען די שנײַדער- און שוסטער-ווארשטאטן, די סטאָליערײַ, די שמידערײַ, די קיך. העכער איז געלעגן דער לא־גער נומ. 2, ווו מע האָט סאָרטירט די זאכן פון די דערמאָרדעטע, מיט די סקלאדן. נאָך העכער, היפש דערווײַטערט און אָפּגערוקט אין א זײַט, איז געווען דער לאגער נומ. 3 מיט די גאז-קאמערן. און גאָר אין דער הייך, אין סאמע עק, איז געווען דער „נאָרד-לאגער". שפּעטער בין איך אויך געוווירע געוואָרן, ווו עס געפינט זיך די געווער־קאמער, ווו — די קאראול-קוואַרטיר, ווו — דער גאראזש, ווו שטייען אײַן די אָפיצערן און ביכלאל אלץ, וואָס איז נייטיק געווען צו וויסן. כוץ דעם גרויסן צוים, וואָס האָט ארומגעכאפּט די גאנצע טעריטאָריע פונעם לאגער, זײַנען אלע זײַנע טיילן און אלע דורכ־גענג אויך געווען אָפּגעצאמט מיט שטעכ-דראָט.

שפּעטער שוין, אף דער פרײַ, אין 1944 יאָר, האָב איך זיך בא־קאנט מיט די מיטיילונגען פון נאָך אייניקע, וואָס האָבן זיך געראַ־טעוועט פון סאביבור. איך רעכן, ס'וועט ניט איבעריק זײַן צו ברענ־גען דאָ אייניקע אויסצוגן פון די דאָזיקע מיטיילונגען. זיי וועלן בא־רײַכערן די פאָרשטעלונג וועגן דעם אלגעמיינעם בילד פונעם לאגער מיט וויכטיקע דעטאלן און וועלן עפּעס צוגעבן צו דער באלייכטונג פון דער געשעעניש.

בער פײַנבערג, א ווארשעווער פאריקמאכער, וואָס איז אָפּגעווען אין סאביבור 17 כאדאָשים, דערציילט:

„איך האָב געארבעט אין דעם צווייטן לאגער, ווו ט'האָבן זיך געפונען די מאגאזינען. באלד ווי די פארמישפּעטע צום טויט פלעגן זיך אויסטאָן, פלעגן מיר צונויפנעמען זייערע זאכן און אָפּטראָגן זיי אין די מאגאזינען: שוכווארג באזונדער, אויבערשטע קליידער באזונ־דער, און אזוי ווײַטער. דאָרט האָט מען די זאכן סאָרטירט און אײַנ־געפּאקעוועט, דערנאָך אָפּגעשיקט קיין דײַטשלאנד. אלע טאָג זײַנען פון סאביבור אָפּגעגאנגען צען וואגאָנעס, געלאָדענע מיט קליידער,

שיך, זעק מיט פּרויען-האָר. דאָקומענטן, פּאָטאָגראַפיעס און אַנדערע פּאַפּירן, אויך קנאַפּוועדטיקע זאַכן האָבן מיר פאַרברענט. אַז קיינער האָט ניט אַכטונג געגעבן, האָבן מיר געוואָרפן אַפּן שייַטער אויך געלט און צירונג, וואָס אונדז פלעגט זיך מאַכן צו געפינען אין די קעשענעס, קעדיי די דייַטשן זאָלן דערפון ניט האָבן קיין נוצן.

שפּעטער האָט מען מיך אַריבערגעפירט אַף אַן אַנדער אַרבעט. אין צווייטן לאַגער האָט מען אויסגעבויט דרייַ באַראַקן ספּעציעל פאַר פרויען. אין ערשטן האָבן זיי אויסגעטאָן די שיך, אין צווייטן — די קליידער, אין דריטן האָט מען זיי אָפּגעשאָרן די האָר. מיך האָט מען באַשטימט אין דריטן באַראַק פאַר אַ פאַריקמאַכער. מיר זייַנען געווען צוואַנציק פאַריקמאַכערס. מיר האָבן געשאָרן און די האָר צונויפגעלייגט אין זעק. די דייַטשן פלעגן זאָגן די פרויען, אַז מע שערט זיי פון זויבערקייַט וועגן.

געפינענדיק זיך אין צווייטן לאַגער, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייַט אַ סאַך צו זען. פאַר מייַנע אויגן איז אָנגעקומען אַן עשעלאָן פון ביאַליסטאָק, פול געפּראָפּט מיט לאַכלוטן נאַקעטע מענטשן. די דייַטשן האָבן אָפּגענומען אַף אַזאַ אופן זיך באַוואָרנט, קיינער זאָל ניט אַנטלויפן. טויטע און לעבעדיקע זייַנען אין דעם עשעלאָן געווען אויסגעמישט. אין וועג האָט מען ניט געגעבן ניט צו עסן, ניט צו טרינקען. אַ מענטש איז נאָך געווען באַם באַוווסטזיַין, האָט נאָך געאָטעמט, האָט מען אים שוין באַגאָסן מיט כלאָר-קאַלך. דאָס איז געווען אין יוני 1943 יאָר.

וואָס האָבן די עס-עסאָווצעס אין לאַגער ניט אָפּגעטאָן. געטראָטן קליינע קינדער מיט די שטיוול, צעזעצט זיי די שאַרבנס, אַף די שוצלאָזע מענטשן אָנגערייצט הינט, וואָס האָבן געריסן שטיקער פון זייערע לייַבער. טאָמער איז עמעצער פון אונדז קראַנק געוואָרן, האָבן די דייַטשן אים באַלד פאַרניכטעט.

אַף דער טעריטאָריע פונעם דריטן לאַגער, ווו די „באָד" האָט זיך געפונען, האָט מען קיינעם פון די אַרעסטירטע ניט אַרייַנגעלאָזט, נאָר וואָס דאָרטן טוט זיך, האָבן די לאַגערניקעס געוווסט. גרוסן, אָפּקלאַנגען פון דאָרטן זייַנען אָנגעקומען דורך פאַרשיידענע וועגן.

איינמאָל איז געווען אזא פאל. אומגעריכט איז קאליע געוואָרן די מאשין, וואָס דערלאַנגט דעם גאז, ווען די מענטשן האָבן זיך שוין געפונען אין דער „באָד". די אומגליקלעכע האָבן אופגעבראָכן די טיר און גענומען ארויסלויפן. א טייל האָבן די עס-עסאָווצעס דערהארגעט אין הויף, די איבעריקע פארטריבן צוריק. דער מעכאניק האָט גיך צורעכט געמאכט די מאשין, און אלץ איז אוועק מיטן איינגעשטעלטן גאנג.

אן אכצניאָריק מיידל פון וולאשאָווע האָט אין א זוניקן זומער-טאָג, גייענדיק צום טויט, ארויסגעשריִען הילכיק, אז ס'האָט געקלונגען איבערן לאגער:

— מע וועט זיך אין אייך נויקעם זיין פאר אונדז. די סאָוועטן וועלן קומען, וועלן זיי אייך, באנדיטן, פאר אלץ באצאָלן אָן ראכמאָנעס.

מע האָט זי דערהארגעט מיט די קאָלבעס.

א יידישער באָכער פון האָלאנד האָט איינמאָל, סאָרטירנדיק אין מאגאזין די זאכן פון אָקאָרשט אָנגעקומענע, דערקענט די מאלבושים פון זיינע אייגענע. ער איז ארויסגעלאָפן אין הויף און דאָרט צווישן דער מאסע מענטשן, וואָס מע האָט געפירט צום טויט, דערזען זיין גאנצע מישפּאָכע".

פאר די עטלעכע טעג, וואָס מיר זיינען דאָ געווען, האָבן מיר שוין באקומען א גאנץ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם, וואָס דער לאגער שטעלט מיט זיך פאָר. מיך האָט אָבער אינטערעסירט דער איקער, וואָס קאָן מען טאָן, קעדיי פונדאנען זיך צו ראטעווען.

דעם 28 סענטיאבער מיטיק-צייט איז צו שלוימען צוגעגאנגען דער ייִד, וואָס האָט אונדז אין דעם טאָג, ווען מיר זיינען געקומען, דער ערשטער דערציילט וועגן דעם לאגער.

— שאָלעם-אלייכעם. ווי ארבעט זיך?

— אזוי, צוביסלעך, ווי א זייגער, מע דרייט אים אָן, גייט ער. אָט איז שוין דער ערשטער פייפ. צייט זיך צוגרייטן.

— ווארט צו. איך דארף האָבן א שמועס מיט אייער כאווער.

— מיט וועמען איז עס?

— מיט יענעם, וואָס פארשטייט קיין יידיש ניט. קומט מיט אים ארייַן אין אָוונט אין פרויען-באראק.

— וואָס עפּעס אין פּרויען-באַראַק?

— א שיינער יונגערמאַן. פאַרוואָס זאָל ער ניט פאַרברענגען א ביסל מיט אונדזערע פּרויען?

מע האָט געגעבן דעם צווייטן פייַף, און איטלעכער איז אוועק צו זייַן אָרט.

ביז דער ארבעט האָט שלוימע מיר א שעפּטשע געטאָן, איך זאָל באַלד נאָך אים זיך בעטן אין אָפּטרעט. אַזוי האָב איך געטאָן. דאָרט האָט ער מיר איבערגעגעבן דעם שמועס, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם ייִדן פון צווייטן לאַגער.

— די מיידלעך ווילן זיך מיט דיר באַקענען, — האָט שלוימע געזאָגט.

— גייען זיי צו אַלדי רוכעס.

— און איך מיין, ס'איז וויכטיק, ער איז ניט אומזיסט געקומען ריידן וועגן דעם.

— ווער איז ער?

— מע זאָגט א שניַידער, זייַן נאָמען איז באָרעך.

— גוט, מירן גיין צוזאַמען.

אין אָוונט זייַנען מיר אוועק אין פּרויען-באַראַק. 150 ייִדישע פּרויען און מיידלעך פון פאַרשיידענע לענדער האָבן זיך אין דעם באַראַק געפונען. באַלד ווי מיר זייַנען אַרייַן, האָט מען אונדז ארום-גערינגלט. ס'האָבן זיך א שאָט געטאָן פראַגן וועגן סאָוועטנפאַרבאַנד, וועגן פראָנט, ווי מיינען מיר, ווען וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, ווער וועט זיגן. מיר האָבן דערציילט אַלץ, וואָס מיר האָבן געוווּסט וועגן דעם, וויַאַזוי די רויטע אַרמיי האָט פאַרטריבן די דייַטשן פון מאָסקווע, וויַאַזוי זי האָט זיך צערעכנט מיט זיי אונטער סטאַלינגראַד, וואָס פאַר א מוירעדיקן קלאַפּ זי האָט זיי דערלאַנגט אונטער קורסק. מיר האָבן דערציילט, אַז די רויטע אַרמיי האַלט שוין באַם דניעפּער און גייט נאָכאַנאַנד פאָרויס.

— מע זאָגט, אין רוסלאַנד זייַנען דאָ פּאַרטיזאַנער, זיי טוען אָן די דייַטשן גרויסע צאָרעס. ס'איז עמעס? — האָט עמעצער געפרעגט.

— ס'איז עמעס. פון מינסק, אשטייגער, פלעגן די דייַטשן זיך ניט איינשטעלן אַרויסצופאָרן וויַיניקער ווי צו צען מאַשינעס, באַ-

וואָפּנט מיט קוילנוואָרפערס און גראַנאַטן. הינטער מינסק זײַנען אַלע נאַכט פֿאָרגעקומען אויפֿרײַסן פֿון עשעלאָנען.

אַלע האָבן געהערט מיט פֿאַרהאַלטענעם אָטעם. פֿאַר די, וואָס האָבן ניט פֿאַרשטאַנען קיין רוסיש, האָט שלומע דערציילט אויף ייִדיש. איינער דעם אַנדערן האָט איבערגעזעצט אויף דײַטש, אויף האָלענדיש.

— זאָגט, — האָט זיך דערהערט פֿון אַ ווינקל אַ ציטערדיקע שטים, — אויב ס'זײַנען דאָ אַזויפֿיל פּאַרטיזאַנער, פֿאַרוואָס זאָלן זיי ניט אָנפֿאַלן אויף אונדזער לאַגער?

דערויף האָב איך געענטפֿערט:

— די פּאַרטיזאַנער האָבן זייערע אויפֿגאַבן. אונדזער אַרבעט וועט פֿאַר אונדז קיינער ניט אָפּטאָן.

באַרעכ איז ניט געקומען. ס'איז שוין צײַט געווען זיך צעגיין, האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט און זײַנען אַוועק.

דעם 29 סענטיאַבער 6 אַזייגער אינדערפֿרי האָט מען אַלע זעקס הונדערט מענער און פֿרויען, וויפֿל מיר זײַנען אין לאַגער געווען, אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס און אַוועקגעפֿירט צו דער איינוויניקסטער אײַזנבאַן-ליניע. דאָרט זײַנען געשטאַנען אַכט גרויסע פּלאַטפֿאָרמעס, געלאָדענע מיט ציגל. דער באַפֿעל איז געווען אויסלאָדן די ציגל. איטלעכער נעמט 6—8 שטיק, טראָגט זיי אָפּ, לויפֿנדיק, אויף 200 מעטער, לייגט זיי אַנידער אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט און לויפֿט גלײַך צוריק.

לעבן יעדער פּלאַטפֿאָרמע, ווי אויך אויפֿן וועג, זײַנען געשטאַנען דײַטשן, וואָס האָבן אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט. פֿאַרן מינדסטן פֿעלער האָבן זיי געשמיסן מיט די בײַטשן. אַלץ איז געטאָן געוואָרן לויפֿנדיק. ס'איז געוואָרן אַ שטופּעניש. יעדע פּלאַטפֿאָרמע ווערט באַדינט פֿון 70-75 מאַן. איינער טרעט דעם אַנדערן אויף די פֿיס. טאָמער כאַפּסטו ניט אַזוי פֿלינק אויף דעם ציגל, וואָס מע וואַרפֿט דיר צו, און ער פֿאַלט אַראָפּ, קריגסטו 25 שמיץ. טאָמער פֿאַרהאַלטסטו זיך אויף אַ רגע, קריגסטו שמיץ. אין דער לויפֿט הערט זיך נאָכאַנאַנד אַ פֿײַפֿערײַ פֿון בײַטשן. איטלעכער סאָפּעט, באַשלאָגן מיט אַ שווייס. די אויגן זײַנען פֿאַרטראָגן. מע לויפֿט מיט די ציגל.

אין פופציק מינוט זײַנען די אכט פלאטפאָרמעס געווען אויסגעלאָדן. טייקעף האָט מען אונדז אויסגעשטעלט אין א קאָלאָנע און אָפּגעשיקט. די דײַטשן האָבן געאײַלט, הינטערן צוים האָט געוואַרט אן עשעלאָן מיט נײַע קאָרבאָנעס.

אכציק אונדזערע האָט מען אוועקגעפירט צום „נאָרד-לאגער”. דאָ האָט מען אונדז צעטיילט אף צוויי גרופעס. פערציק מאן האָבן געהאקט האָלץ. די איבעריקע, צווישן זיי איך און שלוימע, האָבן געארבעט אין די באראקעס. ס'האָט געדויערט ניט לאנג, קומט ארײַן איינער פון דרויסן און מעלדעט:

— סאשע, מיר אנטלויפן און טאקע באלד.

— וויאזוי? ווער האָט געזאָגט?

— מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, אף דער וואך זײַנען געבליבן אינגאנצן פינף מענטשן, מיר וועלן אף זיי אָנפאלן און זיך דורכרײַסן צום וואלד.

אזא לײַכטזיניקער שריט וואָלט געקאָנט ברענגען נאָר שאָדן. איך האָב זיך באמיט איבערצײַגן דעם באָכער, פארוואָס מע דארף עס ניט טאָן.

— ס'איז גרינג צו זאָגן. די וואכלײַט שטייען דאָך ניט אין איין קופקע. איינעם וועט איר פאטערן, א צווייטער וועט אין אײַך שיסן. און מיט וואָס וועט איר איבערשנײַדן דעם דראָט? און וויאזוי וועט איר דורכגיין דאָס מינען-פעלד? ס'איז גענוג, איר זאָלט זיך פארהאלטן אף עטלעכע מינוט, אז די דײַטשן זאָלן אָנעמען זייערע מיטלען. עפשער וועט עמעצן פון אײַך געלינגען זיך דורכרײַסן, וואָס וועט אָבער זײַן מיט די, וואָס ארבעטן אין די באראקעס? זיי ווייסן פון גאָרניט, נאָר דערשיסן וועט מען זיי אָן ספק. איר זאָגט, איצט איז לײַכט צו אנטלויפן. איך ווייס ניט, צי ס'איז טאקע אזוי לײַכט. נאָר איך קלער, אז צוגעגרייטערהייט קאָן מען אמאָל בא שווערערע באדינגונגען אויפטאָן מער, ווי ניט באטראכטערהייט בא לײַכטערע. ווײַטער קאָנט איר טאָן, וואָס איר ווילט. איך וועל אײַך ניט שטערן, נאָר גיין וועל איך ניט מיט אײַך.

ווײַזט אויס, אז מײַנע ווערטער האָבן געווירקט, אלע האָבן זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט.

אינ אָוונט האָב איכ זיכ באגעגנט מיט באָרעכנ. ער האָט אָנגעהויבנ דערפונ, אז מײַנע ווערטער אינ פּרויענ־באראַק: „אונדזער ארבעט וועט פאר אונדז קיינער ניט אָפּטאָנ", האָבנ געמאכט א גרויסנ רוישעמ, אלע האָבנ גוט פארשטאנענ זייער מיינ. נאָר דערבײַ איז אינ א זײַט געשטאנענ איינער א הויכער, א דארער, איינ אויג איז בא אימ שטענדיק פארזשמורעט, עפּשער האָב איכ באמערקט, דאָס איז דער קאפּאָ בזשעצקי, א מיִעסער פארשויגנ, פאר אימ דארפ מענ זיכ היטנ.

— איכ האָב ניט קיינ סיבע זיכ צו היטנ, — האָב איכ געענטפערט, — איכ קלײַב זיכ ניט צו טאָנ קיינ שום זאכ אויסער דעמ, וואָס מע הייסט.

— איכ פארשטיי, איר דארפט מיר אזוי ענטפערנ, נאָר מיר מוזנ זיכ פונדעסטוועגנ צונויפריידנ, — האָט באָרעכ געזאָגט. — פראנצ האָט אנומלטנ געגעבנ אָנצוהערעניש, אז ס'איז פאראנ היטלערס א באשטימונג איבערלאָזנ פונ די יידנ א געוויסנ פּראָצענט. אונ מיר, די ארבעטער פונ לאגער, גייענ ארײַנ אינ דעמ פּראָצענט. אונ שטעלט זיכ פאָר, ס'זײַנענ דאָ צווישנ אונדז אזעלכע נאראָנימ, וואָס גלייבנ אינ דעמ. איר אָבער, פארשטיי איכ, וועט ניט זיצנ מיט פארלייגטע הענט. נאָר צי טראכט איר וועגנ דעמ, וואָס וועט זײַנ מיט אונדז אלעמענ, ווענ איר וועט אנטלויפנ? די דײַטשנ קאָנענ ניט דערלאָזנ, אז דער סאָד פונ אָט דעמ מאָרד-לאגער זאָל צעפּויקט ווערנ. ווײַבאלד עמעצער וועט ווײַזנ א וועג, אז ס'איז מעגלעכ צו אנטלויפנ, וועלנ זיי אונדז אלעמענ טייקעפ ליקווידירנ. דאָס איז קלאָר.

— זאָגט מיר, — האָב איכ אימ געפרעגט, — איר זײַט שוינ לאנג אינ דעמ לאגער?

— קאָרעוו א יאָר.

— גלייבט איר, הייסט עס, אויכ, אז די דײַטשנ וועלנ אײַכ ניט הארגענענ. נאָר איכ גלייב אינ דעמ פּונקט אזוי, ווי איר, פארוואָס מיינט איר, אז איכ קלײַב זיכ אנטלויפנ?

— כאפּט זיכ ניט אוועקגיינ, — האָט מיכ באָרעכ צוגעהאלטנ פארנ ארבל, —ווארט אויס נאָכ א מינוט. איר וווּנדערט זיכ, וואָס מיר

זײַנען ביז אַהער ניט אַוועק, ווײַל איך אײַך זאָגן, מיר האָבן שוין געטראַכט וועגן דעם ניט איין מאָל, נאָר מיר האָבן ניט געוווּסט, וויאַזוי עס צו מאַכן. איר זײַט אַ סאָוועטישער מענטש, אַ מיליטער-מאַן. נעמט עס אָפּ זיך, זאָגט, וואָס צו טאָן, און מיר וועלן אײַך פאָלגן. איך פאַרשטיי, איר האָט מוירע פאַר מיר. מיר זײַנען אַזוי ווייניק באַקאַנט. נאָר אַזוי צי אַנדערש, מוזן מיר זיך צונויפריידן. אין נאָמען פון אַ גרופּע קום איך אײַך זאָגן: מיר געטרויען אײַך. טוט.

אַ ווײַלע האָב איך אים אָנגעקוקט. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן מיר — ניט קיין הויכער, אַ פעסטער, מיט אַ קלוג, ערלעך, ערנסט פּנים. ער איז מיר געפעלן געוואָרן.

— אַזוי צי אַנדערש, דאַנק איך אײַך, וואָס איר האָט מיך געוואָרנט פון דעם בושעצקי, — האָב איך געזאָגט. — איר זײַט שוין לאַנג אין לאַגער. עפּשער ווייסט איר, וויאַזוי ס'איז פאַרמינירט דאָס פעלד הינטערן צוים, ווי געדיכט, אין וואָס פאַר אַן אָרדענונג?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די לאַגערניקעס האָבן געהאָלפן אויסגראָבן די גריבלעך, און באָרעך האָט וועגן דער מינירונג געקאָנט געבן וויכטיקע ידיעס. די ווײַטערדיקע פאַרבינדונג האָבן מיר אָפּגערעדט צו האַלטן דורך שלוימען.

נאָכדעם בין איך אַוועק צו די פרויען.

אויף די אונטערשטע נאַרעס זײַנען די אײַנוווינערנס פונעם באַראַק געזעסן מיט די „מיזרעכניקעס" (אַזוי האָבן אין לאַגער געהייסן אונדזערע סאָוועטישע) — מענטשן הונגעריקע, אויסגעמאַטערטע פון דער שווערער אַרבעט, צעפּאַסעוועטע פון בײַטשן, פאַרוואַרטייִלטע צום טויט. נאָר ס'איז געווען גענוג אַ ביסעלע רו, איין רויִקע מינוט, מע זאָל אויפגעמונטערט ווערן. באַזונדערס דאָ, אין דער געזעלשאַפט פון די פרויען, האָט זיך איטלעכער אויסגעגלײַכט, אויגן האָבן געפינקלט, אַ געלעכטער האָט זיך געלאָזט הערן, אומעטום זײַנען געגאַנגען לעבעדיקע שמועסן.

וועגן וואָס האָט מען דאָ ניט גערעדט? וועגן דער מילכאָמע און אירע אויסזיכטן, וועגן לענדער און שטעט, וועגן וויסנשאַפט און טעכניק, וועגן טעאַטער, מוזיק און ליטעראַטור, וועגן די ווידערשפּרוכן פון דער מענטשלעכער נאַטור און וועגן דער צוקונפט פון דער

מענטשהײַט. דאָ האָט מען געזונגען און געוויינט. דאָ האָט מען זיכ געקושט. דאָ האָבנ געשפּילט די געפילנ פונ ליבע און פונ אייפערזוכט, פונ אלצ, מיט וואָס א מענטשלעכ הארצ לעבט און גליט.

נעכטנ נאָכ האָב איכ באמערקט אינ בּאראק א יונג מיידל מיט אונטערגעשוירענע קאשטאנעווע האָר. אינ איר גאנצנ וועזנ איז געווענ עפּעס אזוינס, וואָס האָט ארויסגערופנ צוטרוי. זי איז געווענ א האָלענדערנ. ס'איז ניט געווענ קלאָר, וויאזוי מיר וועלנ איינער דעמ אנדערנ פארשטיינ, נאָר ס'איז מיר אײַנגעפאלנ, אז פאר אנ אָנהייב איז עס נאָכ בעסער. זיצנדיק לעבנ איר, וועל איכ קאָנענ פרײַ ריידנ מיט מענטשנ, וועגנ וואָס איכ וועל דארפנ. איצט זײַנענ מיר מיט שלוימענ צוגעגאנגענ גלײַכ צו איר. מיר האָבנ זיכ באקאנט.

איכ האָב גערעדט אפ רוסיש, זי האָט גערעדט אפ דײַטש, שלוימע האָט גערעדט אפ יידיש. מיט זײַנ הילפ איז געגאנגענ דער שמועס. דאָס האָט אָפּט געבראכט צו קאָמישע פלאָנטערנישנ, און סײַ מיר אליינ, סײַ די, וואָס זײַנענ געזעסנ ארומ אונדז, האָבנ ניט ווייניק געלאכט.

פונ דעמ מאָל אָנ האָבנ מיר זיכ באגעגנט אלע אָוונט. ליוקא האָט דאָס מיידל געהייסנ. ביסלעכווײַז האָבנ מיר זיכ אויסגעלערנט איינע די אנדערע צו פארשטיינ. פונ איינ וואָרט פלעגט זי זיכ אָנשטויסנ, וואָס איכ וויל זאָגנ. זי האָט שוינ א סאכ איבערגעלעבט, כאָטש זי איז נאָכ געווענ זייער יונג.

ס'זײַנענ אריבער עטלעכע שווערע טעג, אינ פארלויפ פונ וועלכע ס'זײַנענ אָנגעקומענ צוויי נײַע עשעלאָנענ מיט קאָרבאָנעס. ווידער האָבנ געגראגערט די גענדז. אינ איינעמ פונ יענע אָוונטנ זײַנענ מיר געזעסנ מיט ליוקא אינ דרויסנ אפ א הויפנ ברעטער. זי האָט א סאכ גערייכערט, פרעג איכ זי:

— ליוקא, וויפל ביסטו אלט?

— אכצנ.

— און מיר איז פינפ און דרײַסיק. וואָלסט געקענט זײַנ מײַנ טאָכטער, דארפסטו מיכ פאָלגנ.

— ביטע, איכ בינ גרייט.

— הער אופ רייכערנ, מיר איז עס נישט אָנגענעמ.

— איך קען ניט אופהערן. נערוון. ווייסט, וואָס דאָס הייסט?
— נערוונ הייסנ אפּ רוסיש אויכ נערוונ, ניט די נערוונ זײַנענ שולדיק, נאָר די שלעכטע געוווינשאפט.
— זאָג עס ניט. ווייסט, סאשע, ווו איכ ארבעט? איג הויפּ בא די קראָליקעס. דער הויפּ איז פארצאמט מיט א ברעטערנעמ פּארקאנ. דורכ די שפּארונעס זעט מענ, ווי מע פירט זיי נאקעטע אהינ, צומ דריטנ לאגער. פרויענ, קינדער, מאנצבלענ. איכ קוק, עס טרייסלט מיכ ווי אינ פיבער, אונ איכ קאָנ ניט אָפּרײַסנ דעמ בליק. אנדערע טוענ אמאָל א פרעג אינ דער וועלט ארײַנ: „וווהינ פירט מענ אונדז?..” ווי זיי וואָלטנ וויסנ, אז עמעצער הערט אונ קאָנ זיי ענטפערנ, אונ איכ ציטער אונ שווײַג. אויסשרײַענ, זאָגנ, אז מע פירט זיי צומ טויט? וועל איכ זיי דענ העלפנ דערמיט? פארקערט, אזוי גייענ זיי כאָטש אָנ טרערנ, אָנ גוואלדנ, דערנידעריקנ זיכ ניט פאר די מערדער. נאָר דאָס איז אזוי שרעקלעכ, סאשע, אזוי שרעקלעכ...
אינ דעמ אָוונט האָט מיר ליוקא דערציילט:
זי איז ניט קיינ האָלענדערנ, זי איז א יידישקע פונ דײַטשלאנד. זיי האָבנ געוווינט אינ האמבורג. איר פאָטער איז געווענ א קאָמוניסט. אז היטלער איז געקומענ צו דער מאכט, האָט מענ אימ געוואָלט ארעסטירנ, נאָר ער האָט זיכ באהאלטנ. די מוטער האָט מענ גע-שלאָגנ, געפּאָדערט, זי זאָל זאָגנ, ווו געפינט זיכ איר מאנ. ליוקא האָט מענ געדראָעט, אז מע וועט זי אויכ שלאָגנ, אויב זי וועט ניט זאָגנ, ווו דער פאָטער באהאלט זיכ. זי האָט געוויינט, נאָר גוט גע-ווּוסט, אז וועגנ דעמ פאָטער אונ וועגנ די, וואָס פלעגנ ארײַנקומענ צו אימ, דארפ מענ ניט ריידנ. דערנאָכ זײַנענ זיי געלאָפנ קיינ האָ-לאנד. זיי האָבנ געהאט א ראדיאָ-אופנעמער. אָוונט-צײַט פלעגנ זיכ צומ פאָטער צונויפקלײַבנ מענטשנ, אונ מע האָט געהערט מאָסקווע. דערנאָכ זײַנענ די דײַטשנ אָנגעפאלנ אפּ האָלאנד, אונ דער פאָטער איז ווידער אנטלאָפנ, אונ זי מיט דער מוטער מיט צוויי ברידער האָט מענ צוגענומענ אונ געבראכט קיינ סאביבור. ביידע ברידער האָט מענ דערהארגעט, אונ זי מיט דער מוטער ארבעטנ.
— סאשע, זאָג, אָט דאָ-אָ וועלנ מיר שוינ פארענדיקנ אונדזער לעבנ?..

* * *

דעם 7 אָקטיאַבער האָבן מיר מיט באָרעכן געשפּילט אין שאָך. איך האָב אים איבערגעגעבן דורך שלוימען, אַז איך וויל אים זען. שפּילנדיק, האָבן מיר געשמועסט. מיך האָט אינטערעסירט די אָרגאַניזאַציע פון דער וואַך. באָרעך האָט מיר געגעבן וועגן דעם גאַנץ אויספירלעכע ידיעות. ווײַטער האָב איך אים געפרעגט, צי האָט ער אינעם שנײַדער-וואַרשטאַט, בײַ די שוסטערס, בײַ די כּטאָליאַרעס, אין צווייטן לאַגער מענטשן, אויף וועלכע מע קאָן זיך פאַרלאָזן.

— איר זאָגט נאָר: וואָס, ווען און ווי, וועט עס געטאָן ווערן, — איז געווען באָרעכס ענטפער.

— דאָס, וואָס איך וועל אײַך איצט מיטיילן, — האָב איך געזאָגט, — איז אַ וואַריאַנט אויפן ערגסטן פאַל. איך האָב נאָך אַן אַנדער פּלאַן, נאָר וועגן אים וועלן מיר איצט ניט ריידן. דער סטאָליער-וואַרשטאַט געפינט זיך 5 מעטער פון דער דראָט-פאַרצוימונג. 4 מעטער פאַרנעמען די דרײַ רייען דראָט. 15 מעטער דאָס מינען-פעלד, 4 מעטער גיט צו נאָך דעם מינען-פעלד. 7 מעטער רעכנט איבוווייניק אינעם סטאָליער-וואַרשטאַט ביזן אויוון. סאַכאַקל האָבן מיר אַ מעהאַלעך פון 35 מעטער. מע דאַרף אויסגראָבן אַ טונעל און אָנהייבן דאַרף מען אים פונעם אויוון. גראָבן ניט נידעריקער און ניט העכער פון 80 סאַנטימעטער. העכער, אויף אַ טיף פון 30 סאַנטימעטער, ליגן די מינעס. נידעריקער וועלן מיר זיך באַגעגענען מיט וואַסער. אויב גראָבן 75×75, וועט אויסקומען אַרויסוואַרפן בײַ 20 קובאָמעטער ערד. די אויסגעגראָבענע ערד באַהאַלטן, וויפל מע קאָן, אונטערן דיל פונעם סטאָליער-וואַרשטאַט. אין פּראָצעס פון דער אַרבעט וועלן מיר אויסזוכן נאָך אַנדערע ערטער, ווו די ערד אַהינצוטאָן. גראָבן בײַנאַכט. אויסטיילן פון אונדז אַ ספּעציאַליסט, וואָס זאָל אָכטונג געבן, דער טונעל זאָל ניט פאַרקריכן אין אַ זײַט, אויך ניט צופיל אין דער הייך צי אין דער נידער. אויסגראָבן אין אונדזערע באַדינגונגען 20 קובאָמעטער דאַרף געדויערן אַ 12—15 טעג. וואָס זײַנען די כעסרוינעס פון דעם פּלאַן? זעקס הונדערט מענטשן זאָלן איינער הינטער דעם

אנדערן אפּ אלע פיר דורכקריכן 35 מעטער — פאַר דעם וועט, האָב איך מוירע, די צײַט פון 11 אין אָוונט ביז פאַרטאָג זײַן צו ווייניק. מע דאַרף דאָך ניט בלויז דורכקריכן די 35 מעטער, נאָר אַוועק אומבאַמערקט ווי מעגלעך ווײַטער, כּוץ דעם קאָנען מיר ניט זיכער זײַן, אַז אין פאַרלויף פון די שאָען, וואָס דאָס אַוועקגיין וועט געדויערן, וועלן זיך ניט צעשפּילן קריגערײַען, איטלעכער וועט וועלן זײַן פון די ערשטע, אַנדערע, פאַרקערט, וועלן אויפהייבן אַ טומל, ווײַל זיי גלייבן אין היטלערס צוזאָג צו לאָזן זיי לעבן, און זיי וועלן מוירע האָבן ריזיקירן. דעריבער בעט איך אײַך, באַטראַכט די זאַך, האַלט זיך אָן אייצע מיט אַנדערע מענטשן.

— גוט. און דער צווייטער פּלאַן אי"ן וואָס באַשטייט?

— איך דאַרף אים נאָך דורכטראַכטן. ער איז פאַרבונדן מיט אַן אָנפאַל אַף דער דײַטשישער אָפּיצערן-גרופּע, וואָס פירט אָן מיטן לאַגער. דערווײַל בעט איך אײַך פאַרשאַפן אַ 70 שאַרפע מעסערס אָדער גאָל-מעסערס, איך וועל זיי צעגעבן די פעסטערע כעוורע, טאָמער פאַלן מיר דורך, זאָלן מיר האָבן אין דער האַנט כאָטש עפּעס אַ געווער. ווײַטער איז נייטיק, אַז מיך און שלוימען זאָל מען נעמען אַפּ אַרבעט אין סטאָליער-וואַרשטאַט. פון דאָרטן וועט אונדז באַקוועמער זײַן צו זען און צו טאָן, וואָס מע דאַרף.

— גוט, ווי ווײַט מעגלעך וועט אַלץ געטאָן ווערן. איך דאַרף אײַך נאָך עפּעס זאָגן. אין אונדזער גרופּע גייט אַרײַן מאָניע פון דער קאָמאַנדע יונגע כעוורע, וואָס אַרבעטן בא די באַראַקעס. זייער קאַפּאָ געניק האָט זיך געווענדט, מע זאָל אים נעמען אין קאָן. ער וויל לויפן צוזאַמען מיט אַלעמען. מאָניע האָט אים, פאַרשטייט זיך, געענטפערט, אַז ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן. נאָר פאַר זיך האַלט מאָניע, אַז די קאַפּאָס מעג מען נעמען, כאָטש בזשעצקי איז אַ הונט מיט אויערן.

— וואָס האָט איר מאָניען געענטפערט?

— איך האָב געזאָגט, אַז אָן אײַך קאָן איך ניט באַשליסן.

— פאַרשטייט זיך, אַז ווען די קאַפּאָס זײַנען מיט אונדז, וואָלט עס געווען אַ געווינס, ווײַל די דײַטשן טרויען זיי, און זיי באַוועגן

זיכ א סאכ פרײַער איבערנ לאגער. נאָר װער װײס, צי זײ שארנ
זיכ ניט צו מיט א מינ, קעדײ אונדז צו פארטונ?
שלוימע האָט געזאָגט:
— װעגנ די קאפאָס װעלנ מיר אײַכ געבנ אנ ענטפער. דערװײַל
איז צײַט זיכ צו צעגײנ.

דעמ 8 אָקטיאבער איז װידער אָנגעקומענ אנ עשעלאָנ מיט מענטשנ. אינדערפרי האָט יאנעק, דער עלטסטער איבערנ סטאָליער-װארשטאט, ארויסגענומענ פונ דער קאָלאָנע דרײַענ צו זיכ אפ דער ארבעט, צװישנ די דרײַ זײַנענ געװענ שלוימע אונ איכ. אינ אָװנט האָט באָרעכ איבערגעגעבנ שלוימענ 40 גרוימע, גוט אָנגעשארפטע מעסערס.

דעמ 9 אָקטיאבער אינדערפרי האָט גרישע געקומענ 25 שמיצ דערפאר, װאָס ער האָט זינגדיק געהאקט האָלצ. דאָס איז ביכלאל געװענ א שלעכטער טאָג. ביז מיטיק האָבנ געכאפט שמיצ בא 30 מאנ.

אינ אָװנט איז קאלימאלי געקומענ צו לויפנ א צערודערטער.

— דו שלאָפסט, אונ מענטשנ, אכט מאנ, קלײַבנ זיכ הײַנט אנטלויפנ. מע רופט מיכ אויכ. מאכ באלד, װאָס דו האָסט צו מאכנ.

— ביסט פונ זינענ אראָפ. װעמעס אונטער איז עס? װו איז ער?

— גרישעס, ער איז אינ פרויענ-באראק.

— איכ גײ טײקעפ אהינ.

אינ באראק האָב איכ געטראָפנ א סאכ מענטשנ. איכ בינ גלײַכ צוגעגאנגענ צו ליוקא אונ גענומענ זי אונטער דער האנט מיט דער באקאָשע ארויסגײנ זיצנ א ביסל אינ הויפ. נאָר ארויסגײנ איז געװענ ניט אזוי פראָסט. מע האָט מיכ ארומגערינגלט אונ פארשאָטנ מיט פראגנ: װאָס הערט זיכ? װאָס װעט זײַנ?..

— איכ װײס אזוי פיל, װיפל איר,— האָב איכ געענטפערט. צו גרישענ האָב איכ געזאָגט: — גײ ארויס אינ הויפ אפ א װײַלע. ליוקא װיל מיט דיר רײדנ.

איכ מיט ליוקא האָבנ זיכ נאָר צוגעזעצט, איז אָנגעקומענ גרישע.

— ליוקא, דו האָסט מיכ גערופנ. װילסט מיר עפעס זאָגנ?

זי האָט אימ אָנגעקוקט פארכידעשט. איכ האָב זיכ אָפגערופנ:

— ניט זי, איך דארף מיט דיר ריידן. קאַלימאַלי זאָגט, איר קלײַבט זיך הײַנט אַנטלויפן?
— קום מיט אונדז.
— וויאַזוי רעכנט איר עס מאַכן?
— גאַנץ פּראָסט, לעבן אָפּטרעט איז די באַלויכטונג אַ שוואַכע, דאָרט וועלן מיר אונטערשנײַדן דעם דראָט, שטיל דורכקריכן, אַראָפּ־נעמען די וואַך און אַוועק.
— זייער פּראָסט. נאָר לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז איר זײַט שוין אויף יענער זײַט. צי האָסטו געטראַכט וועגן די, וואָס וועלן דאָ בלײַבן? באַלד ווי איר וועט אַנטלויפן, וועלן די דײַטשן טייקעף אַלע איבע־ריקע פּאַטערן.
— ווער איז זיי שולדיק? וואָס זיצן זיי און טוען ניט גאָרניט?
— און דו האָסט זיי פאָרגעלייגט עפּעס אַ פּלאַן?
— איך בין אין לאַגער ניט לאַנג. אויף וואָס האָבן זיי ביז אַהער געוואַרט?
— אָט וואָס, גרישע, — האָב איך אים דעמלט געמאָלדן, — לאָז עס צורו. פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער זאַך. שטער ניט.
— ווער פאַרנעמט זיך, עפּשער דו? — האָט ער מיט כויזעק געפרעגט.
— עפּשער איך.
— ווו פאַרנעמסטו זיך, אָט דאָ מיט איר אויף די ברעטער?
איך האָב זיך באַמיט צו זײַן רויִק.
— וואַרף אַוועק דעם טאָן, — האָב איך געזאָגט. — ווילסט, וועל איך דיך אײַנשליסן אין צעטל פון די אָנפירער. וועסט באַקומען אַן אויפגאַבע. מער קאָן איך דערווײַל גאָרנישט ניט זאָגן.
— מיר ווילן מער ניט וואַרטן. מיר גייען הײַנט אַוועק.
— אויב אַזוי, — האָב איך זיך אָפּגערופן, — וועל איך מיט דיר אַנדערש ריידן. ווען קיינער וואָלט גאָרניט געטאָן, וואָלסטו גע־ווען גערעכט. נאָר די צוגרייטונג איז שוין קימאַט פאַרענדיקט. ס׳איז אַ פראַגע פון טעג. ס׳האַנדלט זיך וועגן אַרויספירן פונדאַנען די גאַנצע מאַסע. ווילסטו מיט דײַן גרופּקעלע צעשטערן אונדזער פּלאַן,

אָנשפּײַענ אָפּ אלעמענ, וואָסי, ווײַל דיר דאכט זיכ, אז דיר מיט עטלעכע דײַנע פרײַנט וועט זיכ אײַנגעבנ צו אנטלויפנ? ניינ. דאָס וועט ניט גײנ. איכ וואָרנ דיכ, איכ וועל אומעטום שטעלנ מענטשנ, אונ אויב ס'וועט נייטיק זײַנ...

— איז וואָס וועסטו טאָנ, וועסט מיכ הארגענענ?

— אויב מע וועט דארפנ.

— האָב איכ מיט דיר ניט וואָס צו ריידנ,—האָט גרישע געמאָלדנ, זיכ אויסגעדרייט אונ אוועק.

איכ האָב געבעטנ ליוקא צוווארטנ, אונ אלײנ בינ איכ אוועק אינ באראק. דאָרט האָב איכ שלוימענ גאנצ קורצ דערציילט אומ וואָס עס גייט אונ פאראָרדנט, ער זאָל באלד אוועקשטעלנ לעבנ דעמ אָפּטרעט א יאט, וועלכער זאָל גוט אכטונג געבנ, וואָס טוט זיכ באמ דואָט. אויב ער וועט עפּעס באמערקנ, זאָל ער טייקעפּ מיר געבנ צו וויסנ.

איכ האָב זיכ אומגעקערט צו ליוקא.

— סאשע, וועגנ וואָס האָסטו גערעדט מיט גרישענ?

— וועגנ נארישקײַטנ.

— ניט ריכטיק. איר האָט זיכ אזוי הייס געקריגט. אונ דײַנע שמועסנ מיט אלע אנדערע מענטשנ, בייס דו זיצסט מיט מיר, מיינסט, איכ פארשטיי ניט. איכ פארשטיי. מיכ דארפסטו נאָר פאר א שירמע. יאָ, יאָ, דאָס איז קלאָר.

— נו, גוט, לאָמיר זאָגנ, אז ס'איז אזוי. נאָר דו ביסט דאָכ א טאָכטער פונ א קאָמוניסט. האָסט דאָכ אלײנ געזאָגט, אז דו ביסט גרייט שנײַדנ פונ די דײַטשנ שטיקער.

— יאָ, נאָר איכ האָב מוירע, סאשע, טאָמער פאלט איר דורכ, וועלנ זיי אונדז אלעמענ פארטרײַבנ אהינ אינ דריטנ לאגער. אכ, ווענ מע קאָנ ארויס פונדאנענ! נאָר ס'איז אוממעגלעכ...

זי האָט געציטערט, געהאלטנ אינ איינ איבערכאוערנ:—פארוואָס קומט עס אונדז? פארוואָס לאָזט מענ אונדז נישט לעבנ!.. פארוואָס?..— איכ האָב זי אײַנגעשטילט, בארויִקט.

— ליוקא,—האָב איכ זי געבעטנ,—זאָג מיר צו, אז דו וועסט

זיך פאר קיינעם ניט ארויסכאפן מיט קיין וואָרט וועגן דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט.

— ווען איך בין נאָך געווען א קינד, — האָט זי געזאָגט מיט פארדראָס, — אכט יאָר אלט, האָט מיך די פּאָליציי געמאטערט, איך זאָל זאָגן, ווו דער טאטע באהאלט זיך, און איך האָב געשוויגן. און איצט... עך, דו, סאשקע...

מיט טרערן אין די אויגן איז ליוקא אוועקגעלאָפן אין באראק.

* * *

10 אָקטיאבער. איינדערפרי, פאר דער ארבעט, האָבן מיר דערזען שטיין באם טויער פון ערשטן לאגער אן אומבאקאנטן אָפיצער מיט א פארבינטעוועטער האנט. עמעצער פון די אלטע לאגערניקעס האָט געזאָגט, אז דאָס איז גריישוט, דער שעף פון דער וואך, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון אורלויב. אפן וועג קיין דייטשלאנד איז איז ער ביים אן אָנפלי פון אונדזער אוויאציע פארוווּנדעט געוואָרן. די לינקע האנט איז אים נאָך ביז איצט ניט אין אָרדענונג.

ציבולסקי האָט פאָרגעלייגט:

— ווען פראנצ וועט אונדז הייסן זינגען, לאָמיר א קנאק טאָן דעם אוויאמארש. מע דארף גריישוטן מעקאבל-פּאָנעם זיין.

— גוט. נאָר אלע זאָלן אונטערכאפן.

אזוי איז געווען. דער אָבערשארפיורער פראנצ האָט אפגיך איבערגעציילט די מענטשן, געגעבן א קאָמאנדע — גיין, און די רוסישע זאָלן גלייך עפּעס אופזינגען. ציבולסקי האָט אונדז צוגעווונקען און אָנגעהויבן:

Мы рождены, чтоб сказку сделать былью...

און פונקט באם דורכגיין דעם טויער האָבן אלע דערלאנגט:

Все выше,
 и выше,
  и выше
Стремим мы полет наших птиц...

גריישוטן איז דער מארש פון דער סאָוועטישער אוויאציע,

ווײַזט אויס, געווען גוט אײַנגעבאַקן אין דער לעבער. אַן אומגע־קאָכטער, מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן און אַ פאַרקרימט מויל איז ער צוגעלאָפן און גענומען שמײַסן מיטן בײַטשל די זינגער איבער די קעפּ. מיר האָבן זיך אויסגעדרייט פון די קלעפּ, ווי ווײַט מעגלעך, נאָר ניט אויפגעהערט צו גיין און צו זינגען. פראַנץ האָט געקוקט און געלאַכט. דערנאָך איז ער צו צו גריישוטן און מיט אַ שמייכל גענומען אים באַרויִקן. די קאָלאָנע האָט זיך דערווײַל אָפּגערוקט. ציבולסקי האָט שטיל געזאָגט:

— ער האָט פון אונדזערע פליִער אַרײַנגעכאַפּט שטאַרקער, ווי מיר פון אים.

און מיר האָבן אָנגעהויבן אַ נײַע ליד.

אין אָוונט האָט מען מיך און שלוימען אײַנגעלאַדן אין דער קוזניע הערבן פּאַטעפּאָן. דאָרט זײַנען געווען עטלעכע לאַגערניקעס און צווישן זיי דער קאַפּאָ בזשעצקי. דעם פּאַטעפּאָן האָט מען פון דער וואַך געבראַכט צו די שלאָסער אָפּ רעמאָנט. צווישן די זאַכן אין צווייטן לאַגער האָט עמעצער געפונען עטלעכע סאָוועטישע פּלאַטן. איצט האָבן מיר זיי געהערט. ווען מע פּאַקט אונדז מיט די פּלאַטן, וואָלט מען אונדז, פאַרשטייט זיך, געמיימעסט, נאָר אַזוי איז שוין דאָס לעבן אין לאַגער געגאַנגען — אָפּן ראַנד פונעם טויט. דער שמיד ריימאַן האָט געבאַקט לאַטקעס פון מעל און זיי באַשאָטן מיט צוקער.

— פונוואַנען נעמט איר צוקער און מעל? — האָט שלוימע געפרעגט.

— אַלץ פון צווייטן לאַגער. צווישן די זאַכן זײַנען געווינלעך דאָ פּראָדוקטן, נעמען מיר צוביסלעך אַראָפּ פאַר זיך שטילערהייט.

בזשעצקי האָט מיר געמאַכט אַן אָרט, איך זאָל זיך זעצן לעבן אים.

— עסט, — האָט ער צוגערוקט דעם טעלער מיט די לאַטקעס נעענטער צו מיר און צו שלוימען.

— אַ דאַנק, איך קען עס ניט עסן, — האָט שלוימע געענטפערט.

— און פון וואָס, מיינט איר, ווערט געמאַכט דער מיטיק, וואָס מיר באַקומען? טאַקע פון די זעלבע פּראָדוקטן, קיין שום אַנדערע פּראָדוקטן גיבן זיי אָפּ אונדז ניט אויס.

— דער קאַזיאָנער מיטיק איז עפּעס אַנדערש. און עפּשער זײַט איר גערעכט, נאָר מיר זײַנען ניט געווױנט, קומט עס אונדז אויס פּריקרע. אַנטשולדיקט.

און קעדײַ מאַכן אַ סאָף צו דעם ניט־אָנגענעמען שמועס, האָב איך גענומען דערצײלן וועגן פאַרשײדענע פּלאַנען, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן. בזשעצקי האָט זיך אַלץ געפּרוּווט אָנהײבן וועגן עפּעס רײדן, נאָר דער שמועס האָט זיך ניט געקלעפּט. ענדלעך האָט ער אַ ווונק געטאָן צום שמיד, מע זאָל אַריבער מיטן פּאַטעפאָן אין שלאָסער־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען דערבײַ אין אַ שכײנישן צימער. רײמאַן האָט גענומען דעם פּאַטעפאָן, און אַלע האָבן זיך אופגעהויבן.

— סאַשע, קום, — האָט שלוימע געזאָגט.

— ער וועט באַלד קומען, — האָט בזשעצקי געענטפערט.

איך האָב באַמערקט, אַז אין שלאָסער־וואַרשטאַט באַם פענצטער שטײט אײנער די גאַנצע צײַט און קוקט אַרויס אין הויף. הײסט עס, דער קאַפּאָ האָט אויך מוירע, האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— איך וויל מיט אײַך האָבן אַ שמועס, — האָט בזשעצקי אָנגעהויבן. — איר שטויסט זיך אָן וועגן וואָס?

— פאַרוואָס מײנט איר, אַז איך שטויס זיך אָן?

— און וואָס האָט איר אַזוי מוירע, טאָמער מײן איך?

— צום באַדויערן, — האָב איך געזאָגט. — איז אונדז שווער זיך צונויפרײדן, ווײַל איך פאַרשטײ ניט קײן יידיש, ניט קײן פּויליש.

— מיט ליוקאַ רעדט איר זיך פונדעסטוועגן צונויף, אַזוי אַז די שטערונג פאַלט אָפּ. איך פאַרשטײ רוסיש. רײדן רײד איך שלעכט, נאָר אויב איר וועט וועלן, וועט איר מיך פאַרשטײן.

— פאַרוואָס זאָל איך ניט וועלן? וואָס באַטײַטן אײַערע שטעכ־ווערטלעך?

— איך בעט אײַך, שלאָגט מיך נישט איבער. הערט מיך אויס, נאָכדעם וועט איר ענטפערן. אין לאַגער טוט זיך עפּעס די לעצטע צײַט. די מענטשן זײַנען אומרויִק.

— זיי האָבנ פונ וואָס אומרויִק צו זײַנ.

— יאָ, נאָר ביז אײַער אָנקומענ האָט זיכ עס נישט באמערקט אינ אזא מאָס. ס'איז קלאָר, איר גרייט עפּעס. איכ וועל אײַכ זאָגנ פראָסט, איר גרייט אנ אנטרינונג.

— באשולדיקנ איז גרינג. וואָס פארא באווײַזנ האָט איר?

— איר טוט עס זייער פאָרזיכטיק. איר מײַדט אויס קאָמפּאניעס. איר פארפירט ניט קיינ ברייטע שמועסנ. איר פארברענגט די אָוונטנ מיט ליוקא. ליוקא איז א גוטע שירמע. איכ פארשטיי, עטלעכע טעג צוריק האָט איר אינ באראק א וואָרפ געטאָנ א וואָרט: „פאר אונדז וועט קיינער די ארבעט ניט אָפּטאָנ". איר געדענקט עס, געוויס. אינ אלע ווינקעלעכ האָט מענ עס נאָכדעמ איבערגעכאזערט, געטײַטשט. ווענ איכ זאָל וועלנ, וואָלט איכ אײַכ שוינ בלויז פאר אָט די עטלעכע ווערטער געקאָנט אומברענגענ. נאָר איר זעט, אז איכ האָב עס ניט געטאָנ. איכ ווייס, אז איר האלט מיכ פאר דעמ נידעריקסטנ מענטשנ, אונ איכ וויל זיכ איצט פאר אײַכ ניט פארענטפערנ. איכ וויל נאָר זאָגנ, אז איר דארפט מיר קיינ זאכ ניט דערציילנ, איכ ווייס אלצ, איר רעדט ניט מיט קיינעמ, אָנשטאָט אײַכ רעדט יענער, דער קלייניקער, שלוימע, דאכט זיכ, הייסט ער, א קלוגער יונג. איר שלאָפט איינער לעבנ דעמ אנדערנ אונ האָט די מעגלעכקײַט וועגנ אלצ זיכ צונויפרעדנ, איכ פארשטיי. נאָר איכ מאטער אײַכ ניט, ווי איר זעט, אונ קלײַב זיכ ניט מאסערנ.

— רעדט ווײַטער, איכ הער, — האָב איכ זיכ אָפּגערופנ, ווענ בזשעצקי איז אָפּ א ווײַלע אנשוויגנ געוואָרנ.

— סאשא, — האָט דעמלט בזשעצקי געזאָגט, — איכ לייג אײַכ פאָר: נעמט מיכ פאר א שוטעפ אינ דער אונטערנעמונג. צוזאמענ וועלנ מיר זי דורכפירנ א כאכ גרינגער אונ געשיקטער. מיר, די קאפּאָס, האָבנ די מעגלעכקײַט אינ דער צײַט פונ דער ארבעט פרײַ ארומגיינ איבער אלע לאגערנ כוצ דעמ נומ. 3. מיר קאָנענ ריידנ מיט וועמענ מע דארפ, ניט ארויסרופנדיק קיינ כשאד. באטראכט נאָר, ווי נוצלעכ מיר קאָנענ אײַכ זײַנ. איר וועט פרעגנ, פארוואָס לייג איכ עס אײַכ פאָר? גאָר פּאָשעט. ווײַל איכ גלייב ניט דעמ

דײַטש. פראַנץ זאָגט אונדז צו פאַרשיידענע גליקן. מיר האָבן פּרי־ווילעגיעס, נאָר אַז ס׳וועט האַלטן בא ליקווידירן דעם לאַגער, וועלן מיר שטיין אַפּ איין ברעטל מיט אײַך, מע וועט אונדז אויך אומ־ברענגען. דאָס איז קלאָר.

— גוט, וואָס איר פאַרשטײט עס, — האָב איך געזאָגט, — נאָר פאַרוואָס ווענדט איר זיך צו מיר?

— ווײַל איר פירט אָן מיט דער זאַך. איר זעט דאָך שוין, אַז איך ווייס עס. צו וואָס פּאַטערן צײַט אַפּ איבעריקע רייד? מיר ווילן אײַך העלפן. מיר ווילן גיין מיט אײַך.

— ווער איז עס — מיר?

— איך און דער קאַפּאָ געניק.

— און שמידט?

— ער קאָן מאַסערן.

איך האָב זיך ניט איין מאָל צוגעקוקט צו בזשעצקי. דער פּיד־זשאַק צעשפּיליעט, די קעפּקע אַפּ א זײַט, מיטן צוגעזשמורעטן אויג, גייט ער אום איבערן לאַגער מײַסע באַלעבאָס, שטענדיק מיטן בײַטשל, דערלויבט זיך צו שלאָגן די לאַגערניקעס. טאָמער געפעלט אים עמעצער פון די מיידלעך, וועט ער איר אַזוי לאַנג דערגיין די יאָרן, ביז זי וועט אים נאָכגעבן. דאָך, ער זאָל אַפּ עמעצן מאַסערן די דײַטשן, האָט מען ניט געהערט.

— זאָגט, — האָב איך פּלוצעם א פרעג געטאָן. — איר וואָלט גע־קאָנט דערהאַרגענען א דײַטש?

בזשעצקי האָט געענטפערט ניט באַלד.

— אויב דאָס וואָלט נייטיק געווען צוליב דער זאַך — יאָ.

— און גלאַט אַזוי, אָן קיין שום נויט, אָט ווי זיי דערהאַר־געגען הונדערטער טויזנטער ברידער און שוועסטער אונדזערע — וואָלט איר געקאָנט?

ער האָט געשוויגן א ווײַלע.

— שווער צו זאָגן, איך האָב וועגן דעם ניט געטראַכט.

— נו, צײַט גיין שלאָפן, א גוטן, — האָב איך געמאַכט א סאָף צו דעם שמועס און בין אוועק צו זיך.

ס׳איז געווען קלאָר, אז די קאפאָס וואָלטן געקאָנט ברענגען א סאך נוצן, נאָר צי מען מעג זיי געטרויען? בזשעצקי האָט זיך פארטראכט, ווען איך האָב אים געפרעגט, צי ער וואָלט געקאָנט דערהארגענען א דייטש. א פארעטער וואָלט באלד געענטפערט, אז ער איז גרייט אפ אלץ, ווייטער—ווייסט אים דער טייוול, וואָס ער איז אויסן. שווער ארייַנצוקריכן אין אזא נעשאָמע.

אין דער נאכט זייַנען מיר מיט שלוימען שפעט אייַנגעשלאָפן. ס׳איז געווען וועגן וואָס צו ריידן.

* * *

11 אָקטיאבער. אינדערפרי האָבן מיר פלוצעם דערהערט שרעקלעכע געשרייען און גלייַך נאָך דעם — א שיסערייַ פון אווטאָמאטן. באלד איז אָפגעגעבן געוואָרן א באפעל ניט ארויסגיין פון די וואר־שטאטן. די טירען פון ערשטן לאגער האָט מען פארמאכט. די וואך האָט מען אומעטום פארשטארקט, די געשרייען און די שיסערייַ האָבן זיך אלץ צעוואקסן.

— ווי מיינסטו, וואָס איז געשען? — האָט שלוימע געפרעגט, — מיר דאכט זיך, די שיסערייַ הערט זיך פון „נאָרד־לאגער”. עפשער האָבן די כעוורע דאָרט זיך ניט אייַנגעהאלטן און געמאכט פיס?

— ניין, ס׳איז ניט דאָרטן, מע שיסט נעענטער, ערגעץ אין צווייטן לאגער, איך הער פרויען־קוילעס, ס׳איז, ווייַזט אויס, אָנגעקו־מען אן עשעלאָן, נאָר וואָס באטייַט די שיסערייַ?

ס׳האָט געדויערט א צייַט, ביז ס׳איז שטיל געוואָרן.

ערשט ארום 5 אזייגער פארנאכט זייַנען מיר געוווירע געוואָרן, וואָס עס איז געשען.

ס׳איז אָנגעקומען אן עשעלאָן. ווען די מענטשן זייַנען שוין געווען אויסגעטאָן, האָבן זיי זיך אפאָנעם אָנגעשטויסן, וווהין מע פירט זיי, און אין שרעק זיך א לאָז געטאָן לויפן נאקעטערהייט. נאָר וווהין קאָן מען דאָ לויפן? זיי זייַנען שוין אין לאגער, פון אלע זייַטן פארצאמט. זייַנען זיי דערלאָפן ביזן צאם, און פון דאָרט האָט מען זיי באגעגנט מיט א פייַער פון אווטאָמאטן און ביקסן.

א סאַך זײַנען געפֿאַלן פֿון די קוילן, די איבעריקע האָט מען פֿאַר-נומען און אוועקגעפֿירט אין די גאַז-קאַמערן.

דאָס מאָל האָבן די שײַטערס געפֿלאַקערט ביז שפּעט אין אָוונט. מיט שטורעם זײַנען די פֿלאַמען געשטיגן צום פֿינצטערן האַרבסטיקן הימל און געוואָרפֿן אַ שרעקלעכן אָפּשײַן אויפֿן גאַנצן לאַגער און ווײַט אַרום אויף דער געגנט. שטום פֿאַר שוידער, האָבן מיר געקוקט אויף די פֿײַערן, אין וועלכע ס'האָבן געברענט די קערפּערס פֿון אונ-דזערע פֿאַרפּײַניקטע שוועסטער און ברידער.

12 אָקטיאָבער. אויף אייביק וועט מיר פֿאַרבלײַבן אין זיקאָרן דער טאָג. אַכצן מאַן פֿון אונדזערע לאַגערניקעס זײַנען שוין עטלעכע מעסלעס געלעגן קראַנק. אינדערפֿרי איז אין באַראַק אַרײַן אַ גרופּע דײַטשן מיט פֿראַנצן אין דער שפּיץ. פֿראַנץ האָט באַפֿוילן, די קראַנקע זאָלן טייקעף אויפֿשטיין און גיין. ס'איז געווען קלאָר: מע פֿירט זיי צום טויט. צווישן די אַכצן איז געווען אַ יונגערמאַן פֿון האָלאַנד. ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פֿיס. זײַן פֿרוי האָט זיך דערוווּסט, ווּהין מע האָט אוועקגעפֿירט איר מאַן. האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דער קאָלאָנע.

— מערדער! — האָט זי זיך אַרופֿגעוואָרפֿן אויף די דײַטשן מיט קוילעס, — איך ווייס, ווּהין איר פֿירט מײַן מאַן. נעמט מיך אײַנײַנעם מיט אים. איך וויל ניט, איר הערט, איך וויל ניט לעבן אָן אים. מער-דער! אויסוווּרפֿן!

זי האָט אָנגעכאַפּט דעם מאַן פֿאַר אַ האַנט און, אונטערהאַלטנ-דיק אים, האָט זי אוועקגעשפּאַנט צוזאַמען מיט דער קאָלאָנע — צום טויט.

מיטיק-צײַט האָבן מיר אָפּגערעדט מיט שלוימען, אַז אויף 9 אַזייגער אין אָוונט רופֿן מיר צונויף אַ באַראַטונג מיט אַן ענגער גרופּע מענטשן.

די באַראַטונג איז פֿאָרגעקומען אין סטאָליער-וואַרשטאַט. געווען זײַנען באָרעך, שלוימע, דער עלטסטער פֿון דער סטאָליער־בריגאַדע יאַנעק, דער עלטסטער פֿון די שנײַדער יוזעף, דער שוסטער יאַקוב, מאָניע, איך און נאָך צוויי.

אין הויף און באם טויער פון עושטנ לאגער זײַנען צעשטעלט געווען מענטשן, וואָס האָבן אכטונג געגעבן אױף דער באוועגונג און האָבן אונדז געדאַרפט צו וויסן געבן, טאָמער דאַרף מען זיך צעגיין.

פריִער פאַר אַלץ האָב איך דערציילט וועגן מײַן שמועס מיט בזשעצקין און געבעטן, די כאַווײרים זאָלן זאָגן זייער מיינונג, צי קאָן מען אים אַרײַננעמען אין אונדזער גרופּע. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז מע קאָן און מע דאַרף עס טאָן.

מאַניע איז אַוועק און האָט זיך אײַנגיכן אומגעקערט מיט בזשעצקין.

— בזשעצקי, — האָב איך געזאָגט, — מיר האָבן באַשלאָסן אײַנלאַדן אײַך אױף אונדזער באַראַטונג. איך קלער, איר פאַרשטייט אַליין, וואָס פאַר אַן אַכרײַעס איר נעמט אױף זיך דערמיט, וואָס איר זײַט געקומען אַהער. טאָמער פאַלן מיר דורך, ווערט איר געטייט איינער פון די ערשטע.

— איך פאַרשטיי, — האָט בזשעצקי געענטפערט,—איר קאָנט זײַן רויִק.

— איז אָט, כאַווײרים, מײַן פּלאַן איז אַזאַ: פריִער פאַר אַלץ מוזן מיר פאַרניכטן די אָפיצערן-גרופּע, וואָס פירט אָן מיטן לאַגער. פאַרשטייט זיך, איינציקווײַז, אָן דעם מינדסטן ראַש, נאָר אין אַ קורצן טערמין. איך רעכן, אין פאַרלויף פון איין שאָ, ניט מער. אין אַ קירצערער צײַט וועט זיך ניט אײַנגעבן עס אָפּצוטאָן, און לענגער פאַרציִען די זאַך איז געפערלעך. מע קאָן זיך כאַפּן, אַז סע פעלט עמעצער פון זיי, און אופהייבן אַ ליאַרעם.

די אופגאַבע פון דערהאַרגענען די דײַטשישע אָפיצערן וועלן אויספירן אָפּגעקליבענע מענטשן פון אונדזערע סאָוועטישע קריגס-געפאַנגענע, וואָס איך קען זיי פערזענלעך און ווייס, אַז מע קאָן זיך אױף זיי פאַרלאָזן. קלאָר, אַז פאַר אַזאַ אַרבעט פאָדערן זיך דרייסטע, אַנטשלאָסענע מענטשן מיט אַ פעסטער האַנט. אַ רעגע וואַקלעניש, אַ דורכפאַל בא איינעם קאָן אומברענגען אַלעמען.

נאָך מיטיק, האַלב פיר, וועט דער קאַפּאָ בזשעצקי אָפּפירן אין צווייטן לאַגער מיט עפּעס אַ טערעץ דרײַ מענטשן, וועלכע איך וועל אים אָנווײַזן. די דרײַ וועלן פאַרניכטן די פיר היטלעריסטן, וואָס אַרבעטן דאָרטן. באָרעך דאַרף באַזאָרגן, די אָפיצערן זאָלן

אײנציקווײַז ארײַנקומענ אינ דעמ לאָקאל, ווו ס׳וועט מעגלעכ זײַנ אויסצופירנ די פארניכטונג. ער דארפ אויכ באזאָרגנ, אז פונ מאָמענט, ווענ די פארניכטונג פונ די היטלעריסטנ וועט זיכ אָנהייבנ, זאָל פונ לאגער קײנער ניט ארויס. ווער ס׳וועט פרווונ אופהייבנ א טומל, דארפ מענ אימ טײקעפ צווינגענ שטיל ווערנ אָדער אימ פארניכטנ. ביז פיר אזײגער דארפ די אָפעראציע אינ צווייטנ לאגער זײַנ פארענדיקט.

פיר אזײגער וועלנ ספעציעלע מענטשנ איבערשנײַדנ די טעלעפאָנ-פארבינדונג, וואָס גײט דורכנ צווייטנ לאגער צומ וואכ-רעזערוו. די שנורנ דארפ מענ אָפשנײַדנ בא בײדע סטויפעס אונ באהאלטנ, מע זאָל די פארבינדונג ניט קאָנענ גיכ אופשטעלנ.

אינ דעמ זעלבנ מאָמענט הייבט זיכ אָנ די פארניכטונג פונ די אָפיצערנ אינ אונדזער לאגער. אײנציקווײַז ווערנ די אָפיצערנ אײַנגעלאדנ אינ די ווארשטאטנ. אינ יעדנ ווארשטאט וועלנ שטײנ גרײט צוויי מענטשנ, וואָס וועלנ די פארניכטונג אויספירנ. ביז האלב פינפ דארפ אלצ זײַנ פארענדיקט.

האלב פינפ שטעלנ בזשעצקי מיט געניקנ אויס אלע לאגערניקעס קלוימערשט אפ צו פירנ זיי צו דער ארבעט, אונ די קאָלאָנע נעמט זיכ באוועגנ צומ ארויסגאנג. אינ די ערשטע רייענ גײענ אונדזערע מיזרעכניקעס. די פאָדערשטע פאלנ אָנ אפנ געווער-מאגאזינ. די איבעריקע גײענ ווײַטער, צודעקנדיק דעמ אָנפאל. די, וואָס האָבנ פארכאפט געווער, יאָגנ אָנ די קאָלאָנע, פארלויפנ פאָרויס, נעמענ אראָפ באמ טויער די וואכ אונ פאלנ אָנ אפ דער קאראול-געבײַדע.

ס׳קאָנ זיכ מאכנ, די וואכ זאָל זיכ כאפנ פריִער, ווי מיר רעכענענ אויס, איבערשנײַדנ אונדז דעמ וועג צומ טויער אונ עפענענ א פײַער פונ די צוויי קוילנוואָרפער, וואָס זיי האָבנ דאָרטנ. גוט, אויב אונדז וועט זיכ אײַנגעבנ צו פארכאפנ געווער, דעמלט וועלנ מיר ארײַנטרעטנ אינ א שלאכט. נאָר טאָמער גײט זיכ עס ניט אײַנ, מוזנ מיר פאָרויסזענ אנ אנדער אויסוועג.

ניט ווײַט פונעמ סטאָליער-ווארשטאט, קימאט הארט באמ דראָט, שטײט דאָס אָפיצערנ-הויז. מע דארפ קלערנ, אז אויב אפילע דאָס שטיקל פעלד אינ שכײנעס איז מינירט, איז נאָר מיט סיגנאל-מינעס,

וואָס זײַנען ניט געפֿעלעכ. אָט דאָ, הינטער דעם אָפּיצערן-הויז, דאַרף מען דורכהאַקן דעם דראָט. די פֿאָדערשטע דאַרפֿן וואַרפֿן פֿאָרויס פֿאַר זיך שטיינער. אין די ערטער, וווּ ס׳וועלן פֿאַלן די שטיינער, וועלן זיך די מינעס אויפֿרײַסן, און דער וועג וועט אַפֿ אַזאַ אופֿן כאָטש טיילווײַז פֿון זיי אָפּגערייניקט ווערן.

דאָס איז דער פּלאַן. איך מיט שלוימען האָבן דורכגעטראַכט די זאַך ניט איין מאָל. קיין בעסערע וואַריאַנטן זעען מיר ניט. זאָל איצט איטלעכער דורכטראַכטן, צי וועט ער קאָנען באַזאָרגן, ווי מע דאַרף, אַלץ, וואָס געהערט צו אים. מאָרגן אין אָוונט וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען. געדענקט, כאַווײרים, אַז פֿאַר קיינעם ניט — ניט פֿאַר קיין ברודער, ניט פֿאַר קיין ווײַב, ניט פֿאַר קיין פֿרײַנט טאָרט איר זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט קיין איין וואָרט וועגן דעם, וואָס מיר האָבן דאָ אָפּגערעדט.

קיין דיסקוסיעס זײַנען ניט געווען, איינציקווײַז איז מען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען.

איך האָב די לעצטע טעג באַמערקט, אַז דער וואַך, וואָס גייט אין קאַראַול, גיט מען אַרויס אַלע אינדערפֿרי פּאַטראָנעס, צו פֿינף שטיק איטלעכן. און ווען זיי בײַטן זיך אָפּן פּאָסט, גיבן זיי איבער די פּאַטראָנעס איינער דעם אַנדערן. דערפֿון האָט מען געקאָנט מאַכן דעם אויספֿיר, אַז ווען די וואַכלײַט געפֿינען זיך אויסערן קאַראַול, האָבן זיי בײַ זיך קיין פּאַטראָנעס ניט. איך האָב עס געוואָלט קאָנטראָלירן און האָב זיך צונויפֿגערעדט מיט בזשעצקי, מע זאָל מיך מאָרגן שיקן מיט עפּעס אַ רעמאָנט אין דעם באַראַק, וווּ די וואַך שטייט אײַן.

דעם 13 אָקטיאַבער 10 אַזייגער אינדערפֿרי איז מען אין סטאָליער-וואַרשטאַט אַרײַנגעקומען מיט אַ פֿאָדערונג באַלד שיקן אַ מענטשן אין באַראַק פֿון דער וואַך. מע דאַרף דאָרט פֿאַריכטן די טירן.

יאַנעק האָט געשיקט מיך.

פֿריִער פֿאַר אַלץ בין איך זיך דורכגעגאַנגען איבער אַלע אָפּטיילונגען פֿונעם באַראַק, באַקוקט אומעטום די טירן. אַרײַן אין אַ צימער, וווּ ס׳איז קיינער ניט געווען, האָב איך צוגעמאַכט די טיר קלוימערשט זי אויסצופּרוּוון און האָב אַפּגיך אַן עפּן געטאָן איינע

פון די שאפעס. אין ווינקל איז געשטאנען א ביקס. איך האָב אריינ־געקוקט אין מאגאזין־קעסטל — קיין פאטראָנעס זיינען דאָרט ניט גע־ווען. דער פאטראָנטאש אפ דער פאָליצע איז אויך געווען ליידיק. אין א צווייטער שאפע — דאָס זעלבע.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין סטאָליער־ווארשטאט, בין איך ארופ אפן בוידעם. פון דאָרטן האָט מען גוט געזען די געגנט אפ יענער זייט פונעם צוים. לינקס פון די לאגער־טויערן איז געווען די אייזנבאן. הינטער איר — די סטאנציע און נאָבדעם א וואלד. רעכטס, פינף הונדערט מעטער אָפּגערוקט, אויך א וואלד. אפן וועג זיינען געלעגן צעוואָרפן קלעצער. גלייך אנטקעגן האָבן געארבעט פאָליאקן, געפירט געהילצ. ס׳איז געווען קלאָר — לויפן דארף מען רעכטס.

אין דעם אָוונט איז אָנגענומען געוואָרן א באשלוס: מאָרגן, דעם 14 אָקטיאבער, אנטלויפן מיר.

* * *

דעם 14 אָקטיאבער איז געווען א לויטערער, זוניקער טאָג.

באנאכט האָבן מיר צעגעבן די מעסערס, וואָס זיינען שוין פון פריער געווען צוגעגרייט, און אויך עטלעכע צענדליק ניט קיין גרויסע העק, באקוועמע צום באהאלטן זיי אונטער דער פאָלע, וואָס די שמידן האָבן געמאכט לויט אונדזער באשטעלונג. יענע, וואָס האָבן זיך באזונדערס געניייטיקט, האָבן באקומען ווארעמע זאכן. ווען און וויאזוי מיר גייען אוועק, האָבן געוווּסט בלויז די אָנפירער.

איך האָב געארבעט אין פיליאל פונעם סטאָליער־ווארשטאט. דורך די פענצטער האָט מען פונדאנען געזען דעם גאנצן הויף פונעם ערשטן לאגער. אין שכייניש באראק האָט געארבעט שלוימע מיט א ספעציעל־אָפּגעקליבענער גרופע פון צוואנציק מאן. זיי האָבן געמאכט נארעס. עס איז געווען אָפּגערעדט:

צו פיר אזייגער קומט דער אונטערשארפירער בערג אריין אין שניידער־ווארשטאט מעסטן דעם קאָסטיום, וואָס מע נייט אים דאָרט. צו פיר מיט פופצן קומט אהין דער שעף פון דער לאגער־וואכ

צוליב דעם זעלבן צוועק. דער שעף פון דריטן לאגער געטצינגער און דער אָבערשאַרפירער גריישוט וועלן צו פיר אזייגער זײַן אין שוסטער־ווארשטאט. צו מיר אין באראק דארף ארײַן פראנץ איבער־קוקן די שאפעס. דער אונטערשארפירער פרידריך גאולשטיך וועט קאָנטראָלירן אין דער זעלבער צײַט שלוימעס ארבעט. פיר אָפיצערן וועט באזאָרגן באַרעך אין צווייטן לאגער. די איבעריקע וועט מען אויך מיט דעם אָדער יענעם אויסרייד אײַנלאדן אין די ווארשטאטן.

די כעוורע, וואָס האָבן געדארפט אויספירן די פארניכטונג, האָבן דעם טאָג אלע געארבעט מיט שלוימען. ער האָט זיי איינ־ציקווײַז געשיקט צו מיר, און איך האָב איטלעכן געזאָגט זײַן אופ־גאבע. דער ערשטער איז געקומען קאלימאלי.

זײַן עמעסע פאמיליע איז געווען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, שובײַעוו. אין 1940 יאָר האָט ער פארענדיקט דעם ראָסטאָווער אינ־סטיטוט פון אינזשעניערן טראנספּאָרטלער. דאָס איז געווען א הויכער, שלאנקער באָכער פון א יאָר פינף און צוואנציק, מיט שווארצע עט־וואָס געקרײַזלטע האָר. ווייניק ביריידעוודיק, פראָסט, פעסט. א גו־טער כאווער.

— מיט דיר פארשפּאָר איך א סאך צו ריידן, — האָב איך אים געזאָגט, — דו מיט בעניעב גייסט אין שנײַדער־ווארשטאט. נעמט מיט זיך א הובל, א סטאמעסקע און א האק. געדענק, דאָס דארף אָפּ־געטאָן ווערן אזוי, ער זאָל קיין פּיפּס ניט טאָן.

— קלאָר.

— נו, גיי. איך ווינטש דיר דערפאָלג.

שווײַגנדיק האָבן מיר א דריק געטאָן איינער דעם אנדערנס די הענט, און ער איז אוועק. איך האָב אים געבעטן ארײַנשיקן ציבולסקין.

ציבולסקי איז געווען א דאָנבאסער, א שמײַסער אפ א פראכט־פור. א גרויסער, געזונטער מאנצבל פון א יאָר 35, א גוטמוטיקער און א פריילעכער. א ביסל א פלאפלער. ס׳איז אויסגעקומען א סאך זאכן באהאלטן פון אים. נאָר דאָס, וואָס ער האָט געגומען אפ זיך, האָט ער אויסגעפירט.

— באָריס, — האָב איך אים געזאָגט, — מיר זײַנען צוזאמענגעזעסן אין קעלער. דיך קען איך מער ווי אלעמען. דו באקומסט די שווערסטע אופגאבע. מיט דיר וועט גיין מיכאל און בעניע. בזשעצקי וועט ארײַן נאָך אײַך און וועט אָפּפירן אין צווייטן לאגער צו באַרעכנ. נעמט מיט זיך העק. האָב אין זינען, באָריע, אז דײַן קלאפּ וועט זײַן דער ערשטער. ער דארף אלעמען צוגעבן מוט, טאָמער האָט עמעצער פון די כעוורע, וואָס דארפן גיין מיט דיר, מוירע, פארבײַט אים מיט אן אנדערן. אפ אזא זאך טאָר מען קיינעם ניט צווינגען.

— זײַ רויִק, סאשע, אלע ווארטן נאָר אפ א סיגנאל.

— פארגעס ניט אראָפּנעמען בא די געהארגעטע זייערע פּיסטאָלעטן, גיי און זאָל זײַן גוט.

— עס מוז זײַן גוט.

צוויי אזייגער איז דער אונטערשארפיורער וואלטער ריבא געקומען אין ערשטן לאגער, צוגענומען בזשעצקין מיט נאָך דרײַען און זיי אוועקגעפירט.

דאָס האָט אונדז שטארק צערודערט. דער אונטערשארפיורער איז געווען באַוואָפנט מיט אן אווטאָמאט, און געוויינלעך פלעגט מען פירן אפ דער ארבעט אָן אווטאָמאטן. וואָס זשע איז געשען?

מיר האָבן דעם פאקט פארבונדן מיט אן עפּיזאָד, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט א שאָ פריִער, און דאָס האָט פארגרעסערט אונדזער אומרו. יאנעק האָט פון אינדערפרי אָנגעטאָן זײַן בעסערן קאָסטיום. לויפן וועט אויסקומען, ווי מע שטייט און מע גייט, דארף מען כאָטש פארכאפּן מיט זיך דאָס בעסטע, וואָס מע האָט. פראנצל האָט אים דערזען, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— עמעצער פראווועט דאָ א כאסענע, וואָס דו האָסט זיך אזוי אויסגעפּוצט?

איך בין אוועקגעלאָפן צו יאנעקן אין סטאָליער-ווארשטאט.

— טייקעף געוויר ווערן, וווהין האָט מען אוועקגעפירט בזשעצקין.

— וויִאזוי?

— דאָס איז אײַער זאך. איר, ווי א בריגאדיר, קאָנט זיך דאָ פרײַער שאפן ווי איך.

א גאַנצע שאָ איז אַריבער אין מוירעדיקער אָנשטרענגונג, מיר האָבן ניט געוווּסט, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט.

דרײַ אַזייגער איז צו מיר אַרײַן דער קאַפּאָ געניק און צו וויסן געגעבן, אַז בזשעצקין האָט מען גענומען אין „נאָרד-לאַגער", ער זאָל דאָרט מיט די מענטשן צונויפּלייגן געהילץ. און אַזויווי זיי זײַנען געגאַנגען אָן אַ וואַך, האָט דער אונטערשאַרפירער מיטגענומען אַן אוטאָמאַט.

— איר ווייסט, — פרעג איך, — אַז בזשעצקי האָט געזאָלט אָפּפירן עטלעכע מענטשן אין צווייטן לאַגער?

— איך ווייס.

— איצט וועט איר זיי אָפּפירן.

— דאָס איז אוממעגלעך. איך האָב קיין רעכט ניט אַהין אַרײַנצוגיין.

— איר מוזט. זאָגט, אַז בזשעצקי איז ניטאָ און מע דאַרף דאָרט עפּעס מאַכן. טראַכט עפּעס צו.

— לאָמיר עס בעסער אָפּלייגן אויף מאָרגן, ווען בזשעצקי וועט זײַן.

ס'איז אָבער געווען קלאָר, אַז מע טאָר ניט אָפּלייגן די זאַך אַפילו אויף איין טאָג. כאָטש די צוגרייטונגען האָט זיך געפירט אין אַן ענגן קרײַז, נאָר אַז עפּעס דאַרף אײַנגיכן געשען, דאָס האָבן אַלע געשפּירט. דערויף זײַנען געווען גענוג באַווײַזן. אין איינעם פון יענע טעג איז אויסגעפאַלן יאָמקיפּער. פרומע ייִדן האָבן געדאַוונט, געבעטן גאָט. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן: „בעט ניט גאָט, בעט סאַשקען, ער וועט אײַך גיכער העלפן". איז דער ענטפער געווען: „מיר בעטן גאָט, ער זאָל העלפן סאַשקען". פראַגן: וואָס הערט זיך? וואָס וועט זײַן? האָט מען מיר געשטעלט אויף שריט און טריט. איך פלעג זיך קוים אַרויסדרייען פון זיי.

כוץ דעם איז געווען נאָך אַ סיבה, וואָס האָט אונדז געצוווּנגען זיך צו אײַלן. גאָמערסקי האָט געדאַרפט אײַנגיכן זיך אומקערן. פראַנץ מיט אַלע זײַנע שטיק איז געווען אַ שפּילכל אין פאַרגלײַך מיט יענעם.

— ניין, — האָב איך דעם קאַפּאָ געמאָלדן קאַטעגאָריש. — פאַר דעם, וואָס דאַרף געשען הײַנט, קאָן מאָרגן זײַן צו שפּעט. מיר

3—411

האָבן זיך צונויפגערעדט, איך האָט געגעבן איַער האסקאָמע. כאפּן צוריק אין אזא איַיִען — דאָס גייט ניט. טוט, וואָס איך הייס.

צוואנציק מינוט נאָך דרײַ איז געניק ארײַן צו שלוימען אין באראק, און איך האָב דורכן פענצטער געזען, ווי ער מיט ציבול-סקין און נאָך צוויי גייען אוועק צום צווייטן לאגער.

דער אונטערשארפירער ערנסט בערג איז צוגעריטן צום שנײַדער-ווארשטאט פריִער, ווי עס איז געווען באשטימט. ער איז אראָפּ פונעם פערד, געלאָזט עס שטיין מיט אראָפּגעפאלענע לייצעס און איז ארײַן.

אינווייניק איז עס, לויט די ידיעות, וואָס איך האָב שפּעטער באקומען, צוגעגאנגען אזוי: ווען דער אונטערשארפירער איז ארײַן, האָבן זיך אלע, ווי געווײנלעך, אויפגעשטעלט. שובײַעוו (קאלימאלי) איז אָפּגעטראָטן צום ברעג טיש. לעבן פיסל פון טיש, אין דעם ווינקל, איז צוגעדעקט מיט א גימנאסטיאָרקע געלעגן די האק. דער אונטערשארפירער האָט אראָפּגענומען דעם גארטל מיטן קאָבור און איינעם מיטן פּיסטאָלעט אנידערגעלייגט אפן טיש. ער האָט אראָפּגענומען דעם פרענטש. יוזעף דער שנײַדער איז גלײַך צוגע-שפּרונגען מיטן קאָסטיום און גענומען מעסטן. סעניע האָט זיך צו-גערוקט צום טיש, ער זאָל קאָנען, טאָמער וועט נייטיק זײַן, איבער-כאפּן דעם פּיסטאָלעט. יוזעף האָט אויסגעדרייט דעם דײַטש מיטן רוקן צו שובײַעוון, דערקלערנדיק, אז דאָס איז קלומערשט נייטיק צוליב דעם, קעדיי אפן קאָסטיום זאָל בעסער פאלן די שײַן. אין דעם מאָמענט האָט שובײַעוו דערלאנגט דעם היטלעריסט מיט דער פלאטשיקער זײַט פון דער האק איבערן קאָפּ. יענער האָט א שרעק-לעכן געשריי געטאָן... דאָס פערד אין דרויסן האָט זיך א צאפּל געטאָן און אָנגעשפּיצט די אויערן. דער צווייטער קלאַפּ האָט דעם היטלעריסט שטום געמאכט אף אייביק. דעם קערפּער האָט מען פארוקט אונטערן בעט און פארדעקט מיט זאכן. מע האָט אויך פאר-שארט און פארדעקט די בלוט-פלעקן אף דער פּאָדלאָגע.

באלד נאָכדעם איז שובײַעוו ארײַנגעלאָפן צו מיר אין באראק.

— נא, נעם.

ער האָט מיר דערלאנגט דעם דײַטשם פּיסטאָלעט.

— איצט, אויב עמעצער וועט אפילע וועלן, איז שוין אומעג-לעך כאפּן צוריק. א דאנק דיר, קאלימאלי.

מיר האָבן זיך ארומגענומען און צעקושט. ער האָט געײַלט. דער צווייטער קונד האָט געדארפט אינגיכן זײַן אין ווארשטאט.

— לויף. לויף צוריק. ווי האָבן זיך געהאלטן די איבעריקע כעווריע?

— אויסגעצייכנט.

שובײַעוו איז אוועק צו זיך. אין צען מינוט ארום איז אין שנײַדער-ווארשטאט אריין דער שעף פון דער גאנצער לאגער־וואכ דער אָבערשארפיורער ערבערט העלמ.

צוריק איז ער שוין ניט ארויס. טעניע האָט אים אנידערגעלייגט באלד, ווי ער איז אריבערגעטראָטן די שוועל.

פּינקטלעכ 4 אזייגער, ווי ס׳איז אָפּגערעדט געווען, איז דער שעף פון דריטן לאגער דער אָבערשארפיורער געטציגער געקומען אין שוסטער-ווארשטאט. ארקאדי ווײַספּאפּיר האָט רעמאָנטירט א טאבורעט, גרישע איז געשטאנען בא דער טיר.

דער אויבער-מאלכאמאָוועס איז געווען מילד געשטימט.

— הײַנט איז אין דרויסן די זון, ווארעם, גוט, — האָט ער גע-פּלאפּלט, — די שטיוול זײַנען פארטיק?

— ביטע, — האָט יאקוב צוגעטראָגן די שטיוול. — מעסט זיי אָן.

— היי, דו, יאקוב, — האָט דער אָבערשארפיורער, מעסטנדיק, גערעדט. — אין פינף טעג ארום פאָר איך קיין דײַטשלאנד. מוזט אופנייען פאר מײַן פראו א פּאָר טופליעס. נאָר געדענק.

— איך האָפּ, אז אײַער פראו וועט בלײַבן צופרידן, — האָט יאקוב געענטפערט.

דאָ האָט ארקאדי דערלאנגט מיט דער האַק. דעם פייגער האָט מען פאר די פיס אָפּגעשלעפּט אין א ווינקל און פארוואָרפן מיט שמאטעס. דאָס בלוט האָט מען אײַליק פארשאָטן מיט זאמד. דער אָבערשאר-פיורער גריישוט איז שוין געגאנגען אין ווארשטאט נאָך זײַן באשטעלונג.

א פערטל אפ פינף האָט זיך ציבולסקי אומגעקערט פון צווייטן לאגער. ער איז געווען אופגערעגט, נאָר ניט צעטומלט.

— פארטיק אלע פיר, — האָט ער געמאָלדן, — די טעלעפאָן־פאַר־בינדונג איז אויך איבערגעשניטן, ווו מע דארף. פון צווייטן לאגער לאָזט מען קיינעם ניט ארויס. באָרעך האלט דאָרטן די אָרדענונג. ער בעט, מע זאָל באַצייטנס צו וויסן געבן, ווען ארויסשפּירן דעם אוילעם.

— ווו זײַנען די פּיסטאָלעטן?

— צוויי זײַנען דאָרטן געבליבן. איינער איז בא מיר, איינער בא מיכאילן.

— אין אָרדענונג. גיי דערווײַל אין באראק צו שלוימען.

* * *

פיר אזייגער איז געקומען ליוקא. איך האָב זי ארויסגערופן.

— ליוקא, — האָב איך איר געזאָגט, — אין א האלבער שאָ ארום אנטלויפן מיר אלע, טו זיך איבער אין מענערשע זאכן. אין וואלד וועט דיר אין דײַן קליידל זײַן אי קאלט, אי אומבאקוועם.

— ווער לויפט? וויאזוי? וואָס רעדסטו? סאשע!

— ליוקא, טײַערע, פאטער ניט קיין צײַט אף איבעריקע רייד, — האָב איך איר געזאָגט. — קימאט אלע אָפיצערן פונעם לאגער האָבן מיר שוין דערהארגעט. קיין שום וואקלענישן זײַנען ניט מעגלעך.

— יאָ, יאָ, איך פארשטיי, סאשע, איך בין אָנגעשראָקן. אזוי־פיל צײַט האָב איך שטענדיק פאר די אויגן געהאט דעם טויט. קוק ניט אף מיר, טו, וואָס מע דארף.

— ליוקא, דו זעסט, מיר האָבן שוין אָנגעהויבן צאָלן. ערשט אָנגעהויבן, ווארט, לאָמיר זיך נאָר ארויסרײַסן פונדאנען... זײַ מוטיק, זײַ שטארק, ליוקא. איך בעט דיך.

— סאשע, איך האָב מוירע. איך האָב מוירע... — האָט דאָס מיידל גערעדט, ווי אין פיבער. — ניין, קוק ניט אף מיר אזוי... איך האָב מוירע. ניט פאר זיך. מיר איז שוין אלצײַנס, אלציינס... נאָר מיט דיר וואָס וועט זײַן. אויב דו פאלסט דורך, שטעלסטו זיך פאָר, וואָס די מערדער וועלן טאָן מיט דיר?

זי האָט ארומגעכאפּט מײַן האלדז, באהאלטן דאָס פּאָנעם אף

מײַן ברוסט און זיך צעווײנט. מיט װײכקײַט האָט מען אין דער מינוט גאָרניט געקאָנט מאכן.

— טײקעס זאָלסטו זיך נעמען אין די הענט,— האָב איך געזאָגט מיט דער גאנצער שטרענגקײַט, אַף װעלכער איך בין פֿײַיק געװען,— װי שעמסטו זיך ניט? ביסט דאָך א טאָכטער פֿון א קאָמוניסט. גײ טו זיך איבער. ס'װעט זײַן א סיגנאַל, קום און שטעל זיך לעבן מיר. זאָג, ליוקא, דו גלײבסט מיר?

— יאָ, סאשע, איך גלײב.

— זאָג איך דיר: דו מוזט לעבן, און דאָס, װאָס מיר טוען, איז דער אײנציקער װעג צו בלײַבן לעבן. דו פֿאַרשטײסט, מיר מוזן לעבן. מיר טאָרן ניט אומקומען, װײַל מיר מוזן נעקאָמע נעמען. לויף גיכער.

זי איז אװעקגעלאָפֿן. אינגיכן האָט זי זיך אומגעקערט, איבערגעטאָן אין מענערשע זאכן. אין דער האנט האָט זי געהאלטן א בעזעם.

— דעם בעזעם האָב איך גענומען, טאָמער פֿרעגט עמעצער, װאָס טו איך דאָ,— האָט זי זיך פֿאַרענטפֿערט.

ליוקא האָט ארויסגענומען פֿון בעזעם א מענערש אויבערהעמדל און מיר דערלאַנגט.

— װאָס איז עס?— האָב איך געפֿרעגט.

— טו אָן.

— איך בין דאָך שוין אין א העמדל.

— טו אָן.

— צו װאָס?

— סאשע, איך בעט דיך, טו עס אָן, ס'װעט דיר ברענגען גליק.

— ליוקא, ליבע, איך גלײב ניט אין די באָבעמײַסעס, און איך האָב קײן צײַט ניט.

— נײן, דו װעסט אָנטאָן, דו מוזט אָנטאָן,— האָט זי זיך אײַנגעשפּאַרט און אומגעדולדיק גענומען ארױפשלעפּן פֿון מיר דעם פּידזשאַק.

— אויב דו װילסט עס ניט טאָן צוליב מיר,— האָט זי געזאָגט,—

טו עס צוליב דײַן טאָכטער. זאָגסט, אַז זי איז דיר טײַערער פֿון אַלץ, טו עס צוליב איר, אין דעם העמדל וועסטו אומעטום דורכגיין, אַלע געפֿאַרן, און אַז דו וועסט דורכגיין, וועלן מיר אויך לעבן.

איך האָב אַפּגיך אַרופֿגעכאַפּט אַף זיך דאָס העמדל און געמאַכט אַ סאָפּ צו דעם געשפּרעך. אַ שמייכל פֿון פֿרייד האָט באַלויכטן דאָס פּאָנעם פֿונעם מיידל. זי האָט מיך אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און איז האַסטיק אַרויסגעלאָפֿן פֿון באַראַק.

אַ פֿראַנצויזישער ייִד, וואָס האָט געאַרבעט מיט מיר אין פֿיליאַל און האָט צוגעקוקט די סצענע, איז צוגעגאַנגען צו מיר און ערנסט געזאָגט:

— שפּעט ניט פֿון דעם העמדל, גלייב: ס'איז דאָס גליק. ליוקאַ האָט עס דיר געבראַכט.

* * *

האַלב פֿינף האָט זיך פֿון „נאָרד-לאַגער" אומגעקערט בזשעצקי מיט זײַן גרופּע. אין דער זעלבער צײַט האָט זיך אין הויף באַוויזן דער אונטערשאַרפֿירער גאָולשטיך. שלוימע איז אַרויסגעלאָפֿן צו אים.

— אונטערשאַרפֿירער, איך ווייס ניט ווי־אַזוי ווײַטער מאַכן די נאַרעס, איך מוז האָבן אײַערע אָנווײַזונגען. די מענטשן שטייען אָן אַרבעט.

דער אונטערשאַרפֿירער האָט זיך געלאָזט גיין צום באַראַק. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען דער קאַפּאָ שמיד. באַלד ווי איך האָב עס באַמערקט, בין איך אַרויסגעלאָפֿן צו בזשעצקין.

— נעמט צו שמידן. ער טאָר אין באַראַק ניט אַרײַן.

בזשעצקי האָט אָנגענומען שמידן פֿאַר אַ האַנט.

— גיי ניט אַהין, — האָט ער אים געזאָגט.

— וואָס איז עפּעס?

— אויב דו ווילסט אַרויס אַ לעבעדיקער, מיש זיך ניט. קימאַט אַלע אָפֿיצערן זײַנען שוין דערהאַרגעט. מע קוקט נאָך דײַן יעדן קער און ווענד. מיש זיך ניט, זאָגט מען דיר.

אַ פֿאַרציטערטער האָט שמיד אויסגעהערט בזשעצקיס רייד, די

ליפּנ האָבנ זיכ אים געטרייסלט, אונ ער האָט ניט געקאָנט אויסריידנ קיינ איינ וואָרט.

דערווײַל איז מענ אײַנווייניק פּארטיק געוואָרנ מיטנ אונטערשארפּירער. שלוימע אליינ האָט אים אנידערגעלייגט. אָט דער קליינינקער, דארינקער שלוימע האָט אים איינ מאָל דערלאנגט מיט דער שארפּער זײַט פונ דער האק איבערנ נאקנ אונ פארשפּאַרט איבערצוכאזערנ.

ס'איז שוינ צײַט געווענ געבנ א סיגנאל, נאָר פראנצ האָט נאָכ געלעבט. ער האָט זיכ ניט געײַלט קומענ באקוקנ די שאפעס, וועלכע ער האָט געדארפט באקוקנ, לויט ווי מיר האָבנ אָפּגערעדט. ער איז פריִער געווענ אינ הויפ, נאָר אינ ווארשטאט איז ער ניט ארײַנ. דער קאָפּ פונ דער לאגער-אדמיניסטראציע איז נאָכ ניט געווענ אראָפּגענומענ.

אונגדוערע בלעכער זײַנענ אָנגעקומענ מיט בלעכענע טרויבנ אינ די הענט. אינ די טרויבנ האָבנ זיי געבראכט זעקס ביקסנ מיט פּאטראָנעס. איינע א מיידל האָט געבראכט פּאטראָנעס פאר די פּיסטאָלעטנ. זי האָט זיי גענומענ אפ דער קוואַרטיר בא די געהאַטע אָפּיצערנ. ס'איז אָנגעקומענ א יעדיִע, אז ענגעל — א לאָדזשער שלאָסער, האָט אינ גאראזש, ווו ער האָט אינ דעמ טאָג געארבעט, דערהארגעט דעמ אונטערשארפּירער וואלטער ריבא. דער דײַטש איז ארײַנ אינ גאראזש מיטנ אווטאָמאט. ענגעלנ האָט עס אויסגעוויזנ פּאודעכטיק, אונ ער האָט אים געפּאטערט באלד אפ דער שוועל. ס'איז קלאָר געווענ, אז די מײַסע אינ גאראזש וועט גיכ באוווסט ווערנ. מער טאָר מענ ניט ווארטנ. נאָר וואָס טוט מענ מיט פראנצנ?

— כאפּט אים דער טײַוול, — האָט שלוימע געזאָגט, — מע וועט אים פריִער אָדער שפּעטער אײַנטיילנ די פּאָרציע בלײַ, וואָס אים קומט, אָנ אונדז. צײַט אוועק פונדאנענ. ס'איז טײַער יעדע מינוט.

א רעגע האָבנ מיר זיכ צוגעהערט. אינ לאגער האָט געהערשט א טויטע שטילקײַט. איכ האָב געהייסנ בזשעצקינ געבנ א סיגנאל. אינ דער שטילקײַט האָט א הילכ געטאָנ א שנײַדיקער פײַפ. שלוימע

האָט אוועקגעשיקט א באָכער אין צווייטן לאַגער צו וויסן געבן, אז מע גייט ארויס.

פון אלע זײַטן האָבן א פלייץ געטאָן מענטשן.

פון פריער זײַנען געוועזן אויסגעטיילט 70 מאַן קימאַט דורכויס פון אונדזערע סאָוועטישע קריגס־געפאנגענע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנפאלן אפן געווער־מאגאזין, מאכמעס דעם האָבן זיי פארנומען אין דער קאָלאָנע די פאָדערשטע רייען. נאָר די גאנצע איבעריקע מאסע, וואָס האָט זיך בלויז אָנגעשטויסן, אז עפעס גרייט זיך, און ניט געוווּסט וועגן און וויאַזוי, האָט איצט, געווירע ווערנדיק אין דער לעצטער מינוט, וואָס עס איז געשען, זיך גענומען שטופן און שטויסן.

איטלעכער האָט מוירע געהאַט צו בלײַבן פון הינטן און זיך געשפאַרט פאָרויס. אַזוי אומגעאָרדנט זײַנען מיר צוגעגאנגען ביזן טויער פונעם ערשטן לאַגער.

דאָ איז אונדז אנטקעגן אָנגעקומען דער קאָמאַנדיר פון קאַראַול, א דײַטש פון בײַוואָלגע.

— איר, אין אײַער מאַמעס מאַמען אַרײַן, איר האָט געהערט דעם פײַפ, וואָס זשע שטויסט איר זיך, ווי א טשערעדע. שטעלט זיך אויס צו דרײַ!

עטלעכע העק האָבן מיטאַמאָל, ווי לויט א קאָמאַנדע, זיך א ווײַז געטאָן פון אונטער די פאַלעס און זיך אראָפּגעלאָזן אפ זײַן קאָפּ.

אין דעם מאָמענט האָט זיך צו אונדז דערנעענטערט די קאָלאָנע פון צווייטן לאַגער. אייניקע פרויען, דערשיטערטע פון דעם אומגע־ריכטן בילד, האָבן אויפגעהויבן א קוויטש, עמעצער איז שוין גרייט געווען כאַלעשן. עמעצער האָט זיך א לאָז געטאָן לויפן וווהין די אויגן טראָגן. ס'איז קלאָר געווען, אז בא דער לאַגע קאָן וועגן אויסשטעלן דעם אוילעם אין א שטרענג־געאָרדנטער קאָלאָנע קיין רייד ניט זײַן. איך האָב הילכיק אויסגערופן:

— כאַוויירים, פאָרויס!

— פאָרויס! — האָט עמעצער אונטערגעכאַפּט פון רעכטס.

— פאַר אונדזער פאָטערלאַנד! פאַר סטאַלינען! פאָרויס!

ווי א דונער האָבן אָט די שטאָלצע אויסרופן אויסגעקלונגען

אין דעם לאַגער פֿון טויט. אין די אויסרופֿן האָבן זיך אין דער מינוט פֿאַראייניקט ייִדן פֿון רוסלאַנד און פֿון פּוילן, פֿון האָלאַנד און פֿראַנקרײַך, פֿון טשעכאָסלאָוואַקיע און דײַטשלאַנד. זעקס הונדערט צעווייטיקטע, אויסגעבענקטע מענטשן האָבן מיט אַ שטורעמדיקן „הוראַ" זיך אַ ריס געטאָן צו לעבן און פֿרײַהייט.

דער אָנפֿאַל אויפֿן געווער-מאַגאַזין האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, אַ שטאַרקער אויטאָמאַטן-פֿײַער האָט אונדז איבערגעצאַמט דעם וועג אַהין.

די מערהייט האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום צענטראַלן אַרויסגאַנג, צעקוועטשט דעם וואַכמאַן און, שיסנדיק פֿון די עטלעכע ביקסן, וואָס זיי האָבן בײַ זיך געהאַט, פֿאַרוואַרפֿנדיק די פּאַשיסטן, וואָס זיי האָבן באַגעגנט, מיט שטיינער, פֿאַרשיטנדיק זיי די אויגן מיט זאַמד, זײַנען זיי אַרויס פֿון טויער און אַוועקגעלאָפֿן צום וואַלד.

אײן גרופּע האָט זיך אַ נעם געטאָן לינקס. איך האָב געזען, ווי זיי האָבן דורכגעהאַקט דעם שטעכ־דראָט. ווײַטער האָבן זיי אָבער נאָך געהאַט דורכצוגיין אַ מינען־פֿעלד 15 מעטער די ברייט. דאָרט זײַנען זיכער אַ סאַך פֿון זיי אומגעקומען.

איך מיט אַ טייל מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום אָפֿיצערןהויז, און דאָרט האָבן מיר געמאַכט אַ דורכגאַנג אין דער דראָט־פֿאַרצאַמונג. מײַן כּעזשבן, אַז דאָס פֿעלד הינטערן אָפֿיצערן-הויז איז ניט מינירט, האָט זיך באַרעכטיקט. ניט ווײַט פֿון צוים זײַנען דרײַ פֿון אונדז געבליבן ליגן, ס'איז אָבער אויך מעגלעך, אַז זיי זײַנען געפֿאַלן ניט פֿון מינעס, נאָר פֿון קוילן, ווײַל פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן האָט מען פֿון מאָל צו מאָל אין אונדז געשאָסן.

אָט זײַנען מיר שוין אויף יענער זײַט צוים, אויף יענער זײַט מינען-פֿעלד. אָט זײַנען מיר שוין דורכגעלאָפֿן אַ הונדערט מעטער. נאָך אַ הונדערט מעטער... גיכער, גיכער דורכלויפֿן דעם אויסגעהאַקטן נאַקעטן פּאַס, ווו דײַן לײַב איז אַזוי אָפֿן פֿאַר די אויגן פֿון די פֿאַרפֿאָלגער, אַזוי אומבאַשיצט פֿאַר זייערע קוילן. גיכער, גיכער אַרײַן אין וואַלד, צווישן די ביימער, אונטער זייער צודעק... אָט בין איך שוין אין זייער שאָטן.

אַ ווײַלע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט איבערצוכאַפּן דעם אָטעם

און זיך אומצוקוקן אפ צוריק. אָפּגעשטאַנענע מאַנצבלען און פּרויען זײַנען אײַנגעבויגענערהייט געלאָפן צום וואַלד, האָבן זיך דערנענ-טערט. ווו איז ליוקאַ? ווו איז שלוימע?..

* * *

שפּעטער האָב איך אין דער פּרעסע באַגעגנט אייניקע נעמען פון די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון סאַביבור.

דער סטאָליער כאַים פּאָווראָזניק, א כעלמער, א סאָלדאַט פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס איז נאָך אין 1939 יאָר אַרײַנגעפאַלן צו די דײַטשן אין געפאַנגענשאַפט און איז אַנטלאָפן פון לאַגער אײַנײַנעם מיט אונדז, באַשרײַבט אַזוי דעם לעצטן מאָמענט:

„מיר האָבן זיך א לאָז געטאָן צום צוים. דעם שטעכ-דראָט האָבן מיר דורכגעריסן גאַנץ גיך, ווער מיט וואָס עס האָט גע-קאָנט. דעם גראָבן זײַנען מיר אויך איבערגעקומען אָן באַזונדערע שוועריקײַטן, נאָר אַף די מינעס זײַנען אומגעקומען א סאַך מענטשן... אין וואַלד האָט סאַשקע באַפוילן אַלעמען זיך צעטיילן אַף קליינע גרופּעס און זוכן א וועג צו די פּאַרטיזאַנער".

די האָלענדערן זעלמאַ ווײַנבערג דערציילט:

„ווען אין לאַגער איז פּאָרגעקומען דער אופשטאַנד, האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן. צוזאַמען מיט מיר זײַנען אַנטלאָפן נאָך צוויי מיידלעך — קעטי האָקעס פון דער שטאָט האַג און אורזשוליא שטערן פון דײַטשלאַנד. קעטי איז דערנאָך אַרײַן אין א פּאַרטיזאַנישן אָט-ריאַד און איז דאָרט געשטאָרבן פון טיפוס. אורזשוליא האָט אויך א צײַט מילכאָמע געהאַלטן אין א פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. איצט איז זי אין וולאָדאַווע. צוזאַמען מיט איר בין איך געווען אין וועסטער-בורג, אין פּיכט און אין טורמע. צוזאַמען מיט איר בין איך געווען אין סאַביבור און פון דאָרט אַנטלאָפן".

* * *

ס'איז שווער צו זאָגן פּינקטלעך, וויפל מענטשן זײַנען אומגע-קומען אינעם מאָמענט פון דורכברײַס. די ווײַט גרעסטע מערהײַט

איז פון לאַגער אַרויס. אַ סאַך זײַנען געפאַלן פון קוילן אויף דעם אויסגעהאַקטן אָפענעם פּאַס צווישן לאַגער און וואַלד.

ס׳איז אָפּגערעדט געווען, אַז אין וואַלד שטעלט מען זיך ניט אָפּ, מען לויפט ווײַטער, צעשיטנדיק זיך גרופּקעסווײַז אין פאַרשיידענע זײַטן. די פּוילישע ייִדן זײַנען אוועק אויף מיזרעך, אין דער ריכטונג צו כעלם. די באַקאַנטשאַפט מיט דער שפּראַך פון דער באַפעלקערונג און מיט די וועגן פון דער געגנט האָט זיי געצויגן אַהין. מיר, סאָוועטישע מענטשן, זײַנען אוועק אויף מיזרעך. באַזונדערס אומבאַהאָלפן האָבן זיך געפילט די האָלענדישע, פראַנצויזישע און דײַטשישע ייִדן, וואָס האָבן אויף דעם גאַנצן ריזיקן שטעטעך אַרום און אַרום מיט קיינעם זיך ניט געקאָנט צונויפריידן.

די ביקסן־ און אויטאָמאַטן-שיסערײַ, וואָס האָט נאָך אַ צײַט זיך געלאָזט הערן פון הינטן, האָט אונדז געדינט, ווי אַן אָריענטיר. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָרט איז דער לאַגער. די טעלעפאָן-פאַרבינדונג איז געווען איבערגעשניטן, און פראַנץ האָט נאָך ניט געקאָנט אַרויסרופן צו הילף קיין אַנדער טייל. ביסלעכווײַז האָבן זיך די שאָסן דערווײַטערט און ענדלעך זײַנען זיי אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

ס׳איז שוין געווען טונקל, ווען פון רעכטס האָט זיך ווידער דערהערט אַ שיסערײַ, דערווײַל נאָך ניט נאָענט און טויב. ס׳איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז מען שוין אַרויס אויף געיעג נאָך אונדז. דער אוילעם האָט באַמערקט, אַז איך האָב זיך אָפּגעשטעלט. צו מיר זײַנען צו באַריס ציבולסקי, אַרקאַדי ווײַספּאַפּיר.

— ווו איז ליוקאַ? ווו איז שלוימע?

דערויף האָט קיינער גאָרניט געקאָנט ענטפערן.

איך האָב פאָרגעלייגט גיין ווײַטער אַ גאַנצע נאַכט. גיין זאָל מען אין אַ שורע, איינער הינטער דעם אַנדערן. איך בין דער פאָדערשטער. נאָך מיר ציבולסקי, אַרקאַדי שליסט די ריי. ניט רייכערן, ניט ריידן, ניט אָפּשטיין, ניט פאַרלויפן פאָרויס. אַז דער פאָדערשטער לייגט זיך, לייגן זיך אַלע. אַז סע ווײַזט זיך אַ ראַקעטע, טייקעף זיך אַנידערלייגן. ניט דערלאָזן קיין פּאַניק, וואָס עס זאָל ניט געשען.

אזוי זײַנענ מיר אוועק. דאָ פונ איינ זײַט, דאָ פונ א צווייטער איז אלעמאָל צו אונדז צוגעקומענ עמעצער. איטלעכנ האָב איכ גע־פרעגט: צי האָט ער ניט געזענ ליוקא? צי האָט ער ניט געזענ שלוימענ?

קיינער האָט זיי ניט געזענ.

מיר זײַנענ ארויס פונ וואלד. א דרײַ קילאָמעטער זײַנענ מיר געגאנגענ דורכ אָפענעמ פעלד. דאָ האָט אונדז איבערגעהאקט דעמ וועג א קאנאל פונ א 5—6 מעטער די ברייט. דער קאנאל איז גע־ווענ א טיפער, צופוס ניט אדורכצוגיינ. מיר זײַנענ אוועק לענגויס דעמ קאנאל. פלוצעמ האָב איכ א 50 מעטער ווײַטער באמערקט א גרופע מענטשנ. מיר האָבנ זיכ באלד אנידערגעלייגט. ארקאדי האָט באקומענ אנ אופגאבע אויסצושפּירנ, ווער דאָס איז.

פונ אָנהייב האָט ער זיכ געשארט אפנ בויכ, נאָר באלד איז ער אופגעשטאנענ אונ זיכ א לאָז געטאָנ גלײַכ צו יענער גרופע. אינ עטלעכע מינוט ארומ האָט ער זיכ אומגעקערט.

— סאשע, דאָס זײַנענ אונדזערע. זיי האָבנ דאָ געטראָפנ קלע־צער באמ ברעג אונ שיפנ זיכ איבער אפ יענער זײַט. קאלימאלי איז מיט דער גרופע.

אפ די קלעצער האָבנ מיר אלע זיכ איבערגעשיפט אפ יענער זײַט פונעמ קאנאל.

וועגנ ליוקא האָט שובײַעוו ניט געהאט קיינ שומ ידיעס, נאָר שלוימענ האָט ער געזענ. שלוימע איז פארוווּנדעט געוואָרנ, נאָכ איידער ער איז ארײַנ אינ וואלד. א דרײַ קילאָמעטער איז ער פונ־דעסטוועגנ געלאָפנ, מער איז ער שוינ ניט געווענ אימשטאנד זיכ צו האלטנ אפ די פיס. ער האָט געבעטנ, מע זאָל אימ דערשיסנ. די פוילישע האָבנ געזאָגט, אז זיי נעמענ אימ אפ זיכ. זיי וועלנ אימ ניט פארלאָזנ.

ס׳ארא שלעכטע בסורע דאָס איז געווענ, ס׳ארא ווייטעק! ארויס־רײַסנ זיכ פונ לאגער אונ שוינ אפנ וועג צו דער פרײַ בלײַבנ ליגנ אומבאהאָלפנ. מיר זײַנענ געווענ ווי ברידער. וועגנ וואָס האָבנ מיר ניט איבערגעשמועסט אינ די נעכט, ליגנדיק איינער לעבנ דעמ אנדערנ. זײַנ גלײַכער פארשטאנד, זײַנ רויִקייט, זײַנ מוט, זײַנ גע־

טרײַשאפט האָבנ מיכ אונטערגעהאלטנ אינ די שווערסטע מאָמענטנ. דעמ אופשטאנד אינ לאגער האָבנ מיר געגרייט צוזאמענ, מיט אימ האָבנ מיר זיכ באראטנ וועגנ יעדער קלייניקייט אונ וועגנ די וויכטיקסטע שריט. וואָס איז מיט אימ געוואָרנ? צי וועט נאָכ פונ אימ אמאָל אָנקומענ עפּעס א גרוס?

אונ ליוקא — איר געשאנק האָב איכ געטראָגנ אפ מײַנ לײַב. זי האָט מיר אזוי געטרויט, ווו איז זי איצט? וואָס איז מיט איר?

איצט זײַנענ מיר שוינ געווענ א גרופּע פונ 57 מאנ. מיר האָבנ געמאכט נאָכ א פינפ קילאָמעטער. ס'האָט זיכ דערהערט א גערויש פונ א דורכגייענדיקנ צוג. פאר אונדז האָט זיכ געשפרייט א ברייטאָפענער שטעכ, באוואקסנ מיט ניט קיינ הויכע, שיטערלעכ צעוואָרפענע קוסטעס. מיר האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט. ס'איז געווענ ניט ווײַט צו שאריִענ, אונ ס'איז צײַט געווענ צו טראכטנ וועגנ דעמ, ווו איבערזײַנ דעמ טאָג. ס'איז געווענ קלאָר, אז באטאָג וועט מענ אונדז זוכנ. די וועלדלעכ אינ דעמ ווינקל זײַנענ געווענ ניט קיינ טיפע אונ האָבנ זיכ געלאָזט גרינג דורכטאפּנ אינ אלע ריכטונגענ. מיר האָבנ זיכ אנ אייצע געהאלטנ מיט ציבולסקינ אונ שובײַעוונ. ס'איז געבליבנ, אז אמבעסטנ איז זיכ צעשיטנ דאָ אינ די קוסטעס טאקע דערפאר, ווײַל ס'איז אנ אָפּנ אָרט, נאָענט פונ דער אײַזנבאנ, אונ קיינעמ וועט ניט אײַנפאלנ דאָ אונדז צו זוכנ. נאָר מע דארפ זיכ גוט פארמאסקירנ, ליגנ אומבאוועגלעכ אונ קיינ פּיפּס ניט טאָנ.

איכ האָב פריִער געשיקט א פּאָר מענטשנ, זיי זאָלנ פאָרזיכטיק דורכנישטערנ די קוסטעס אפ א היפּשנ מעהאלעכ אינ אלע זײַטנ, דערנאָכ האָבנ זיכ אלע דאָרט אויסגעלייגט.

ס'האָט אָנגעהויבנ טאָגנ. א רעגנדל האָט געמאראקעט. איצט, בא דער שײַנ, האָט מענ געקאָנט, ווי סע דארפ צו זײַנ, זיכ ארומקוקנ. וואָס טוט זיכ ארומ אונדז. ארקאדי מיט באָריס ציבולסקי זײַנענ אוועק אינ איינ זײַט, איכ מיט שובײַעוונ — אינ א צווייטער. מיר זײַנענ דורכגעגאנגענ א 500 מעטער אונ זײַנענ אָנגעקומענ צו א הויל פעלד. אפנ האָריזאָנט, עטלעכע קילאָמעטער ווײַט, האָט זיכ געזענ א וואלד. מיר האָבנ זיכ אומגעקערט אפ אונדזער אָרט

און זיך צוגעשפּאַרט אָפּרוען. אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט זיך באַוויזן ציבולסקי מיט אַרקאַדי. זיי האָבן דערציילט: אַ הונדערט מעטער פונדאַנען גייט דורך די אייזנבאַן. רעכטס, אַן ערעך אַ קילאָ-מעטער פונדאַנען, געפינט זיך די סטאַנציע. נעענטער אַהער אַרבעטן פּאָליאַקן אָן אַ וואַך. מער האָבן זיי קיין זאַך ניט געזען.

נעענטער צו דער אייזנבאַן האָבן מיר געשטעלט גוט פאַרמאַס-קירטע צוויי מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפט נאָכשפּירן נאָך דער באַוועגונג אין דעם ווינקל און געבן צו וויסן וועגן אַלץ, וואָס קאָן אונדז אינטערעסירן. אַלע דריי שאָ האָבן זיך די פּאָסטנס געביטן.

אַ גאַנצן טאָג זיינען אומגעפלויגן איבער אונדז אַעראָפּלאַנען. צוויי זיינען דורכגעפלויגן גאַנץ נידעריק איבער די קוסטעס, ווו מיר זיינען געלעגן. צו אונדז האָבן זיך דערטראָגן די שטימען פון די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געאַרבעט בא דער אייזנבאַן. אונדזערע מענטשן זיינען געלעגן, ווי צוגעוואַקסענע צו דער ערד, איבערגע-דעקט מיט צווייגלעך, און האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט, ביז ס׳איז טונקל געוואָרן.

אַזוי איז אַריבער דער ערשטער טאָג פון אונדזער פריי־הייט, דער 15 אָקטיאַבער 1943 יאָר.

אָנהייב אָוונט. מיר האָבן זיך נאָר אויפגעהויבן פון די ערטער, זיינען אונדז אַנטקעגן אָנגעקומען צוויי מענטשן. זיי האָבן זיך באַ-וועגט זייער פאָרזיכטיק. מיר האָבן זיך גלייך אָנגעשטויסן, אַז דאָס זיינען אונדזערע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זיינען שוין געווען באַם בוג און גייען פון דאָרטן.

— פאַרוואָס זייט איר ניט אַריבער?

האָבן זיי אונדז דערציילט: ניט ווייט פונעם טייך זיינען זיי אַריין אין אַ כוטאָר. דאָרט האָט מען זיי געזאָגט, אַז די נאַכט זיינען אָנגעקומען צום ברעג אַ סאַך סאָלדאַטן און די אַריבערגענג ווערן שטרענג באַוואַכט.

ווי יעדן ניי-צוגעקומענעם פון די אַנטלאָפענע, האָב איך זיי געפרעגט, צי האָבן זיי ניט באַגעגנט ערגעץ ליוקאַ, און אומגעריכט איז דער ענטפער געווען:

יאָ, זיי האָבנ זי באגעגנט אינ וואלד. זי איז אוועק מיט די פוילישע אפ כעלמ.

הייסט עס, זי איז דאָ, זי אָטעמט מיט פרייער לופט. ווו איז זי איצט? ווער פירט זי, מיט וואָס פארא סטעזשקעלעכ, צי וועט ער זי קאָנענ ארויספירנ צומ לעבנ?..

מיר זיינענ געגאנגענ אויסגעצויגנ אינ א שורע אינ דער נעכטיקער אָרדענונג: איכ מיט ציבולסקי פונ פאָרנט, שובייעוו אונ ארקאדי צו לעצט. דורכגעגאנגענ א פינפ קילאָמעטער, זיינענ מיר אריינ אינ א וואלד. דאָ האָבנ מיר זיכ אָפגעשטעלט.

ווייטער גיינ צוזאמענ אינ אזא צאָל האָט ניט געהאט קיינ זינ. מיר וואָלטנ זיכ צופיל געוואָרפנ אינ די אויגנ. ס'וואָלט אויכ אומעגלעכ געווענ צו באזאָרגנ מיט עסנ אזויפיל מענטשנ. מיר האָבנ זיכ דעריבער צעטיילט אפ קליינע גרופעס, אונ יעדע גרופע איז אוועק מיט איר וועג.

* * *

מיינ גרופע איז באשטאנענ פונ 9 מענטשנ, צווישנ זיי: שובייעוו, באָריס ציבולסקי, ארקאדי ווייספאפיר, מיכאל איצקאָוויטש, סעמיאָנ מאזורקעוויטש.

אונדזער ריכטונג איז געווענ אפ מיזרעכ. אונדזער וועגווייזער איז געווענ דער פאָליאר-שטערנ. ס'זיינענ געווענ שטערנדיקע נעכט. אונדזער ערשטע אופגאבע איז געווענ אריבער דעמ בוג. צוליב דעמ האָט מענ געדארפט געפינענ דאָס פאסיקע אָרט אונ די פאסיקע צייט. אינ שטילע אָפגעלעגענע כוטאָרנ האָבנ מיר זיכ פארשאפט פראָדוקטנ אונ געקריגנ די נייטיקע ידיעס אונ אָנווייזונגענ. מע האָט אונדז געוואָרנט, וועלכע ערטער מע דארפ אויסמיידנ, ווו ס'איז גלייכער איבערווארטנ, ווייל פונ סאביבורער לאגער, ווו מע ברענט מענטשנ, איז מענ זיכ צעלאָפנ, אונ די דייטשנ קערנ איצט איבער אינ דער געגנט אלע ווינקעלעכ.

מיר זיינענ ארויס צו די כוטאָרנ סטאווקי — אָנדערהאלבנ קילאָמעטער פונעמ בוג. א גאנצנ טאָג זיינענ מיר געווענ אינ וואלד. אז

ס'איז פינצטער געוואָרן, זײַנען מיר זאַלבעדריט אַרײַן אין אײנעם פון די כוטאָרן. די איבעריקע זײַנען געווען אויסגעשטעלט אין דרויסן אַזוי, אַז זיי זאָלן קאָנען באַצײַטנס געבן צו וויסן, טאָמער דאַרף מען זיך אָפּטראָגן.

אין שטוב האָט געברענט אַ לעמפּל. באַם טיש איז געשטאַנען אַ יונג פון אַ יאָר 28, מיט לאַנגע העלע האָר, אַריבערגעפאַלענע איבערן ווײַסן שטערן. אין אַ צעשפּיליעט העמדל, אין ברייטע שאַ-ראַוואַרן, אַ באָרוועסער, איז ער געשטאַנען באַם טיש און געשניטן טאַבאַק. באַם אויוון איז געזעסן אַ זאָקן. אין אַ ווײַטן ווינקל אַפן דער רעכטער זײַט איז פון דער סטעליע אַראָפּגעהאַנגען אַ וויגעלע מיט אַן אײַנשלאָפנדיק קינד. אַ יונגע פרוי האָט, אָנטרעטנדיק מיטן פוס אַפ אַ שטריקל, שטיל געשאָקלט דאָס וויגעלע און דערבײַ געשפּינט.

— אַ גוטן אָוונט, מע מעג אַרײַן?

— קומט אַרײַן,—האָט געענטפערט דער יונג אַפ אַ ריינעם רוסיש.

— באַלעבאָסטע, פאַרהענגט די פענצטער,—האָט באָריס פאַרגעלייגט.

— דאָס קאָן מען,—האָט זי געענטפערט און זיך אופגעהויבן עס צו טאָן.

— זעצט זיך צו,—האָט דער אַלטער זיך אָפּגערופן.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט. די באַלעבאַטים האָבן געשוויגן.

— עפשער קאָנט איר אונדז זאָגן, ווו קאָן מען דאָ אַריבער דעם בוג?—האָט שובײַעוו געפרעגט.

— איך ווייס ניט,—האָט דער יונגער געענטפערט.

— איר, פאָטער,—האָב איך זיך געווענדט צום אַלטן,—וווינט שוין דאָ לאַנג. איר דאַרפט וויסן, מע זאָגט, לעבן סטאַווקי איז דאָ אַ פּליטקע אָרט, ווו מע קאָן אַריבער.

— נו, אַז מע האָט אײַך געזאָגט, איז גייט. מיר ווייסן ניט. מיר גייען ניט צום בוג און טאָרן אַהין ניט גיין. זיצט, רוט זיך אָפּ, מיר טרײַבן אײַך ניט, נאָר ווייסן ווייסן מיר ניט קיין זאַך.

דער שמועס האָט געדויערט בא אַ שאָ צײַט. מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר לויפן פון געפאַנגענשאַפט און ווילן זיך דערקלײַבן אַהיים, ווער אין דאָנבאַס, ווער אין ראָסטאָוו, מוירע האָבן פאַר אונדז איז ניטאָ וואָס.

— אָט וואָס, כעוורע, — האָט דער יונגער נאָכ א גאנצ לאנגנ שווײַגנ זיכ אָפּגערופנ, — איכ וועל אײַכ ווײַזנ דאָס אָרט. ביזנ סאמע מײַכ וועל איכ אײַכ ניט צופירנ, נאָר דער וועג וועט אײַכ שוינ זײַנ קלאָר. איר דארפט וויסנ: די וואכ באם ברעג איז איצט זייער א גרויסע. מע איז זיכ צעלאָפּנ פונ א לאגער דאָ ניט זייער ווײַט, ווו פונ מענטשנ קאָכט מענ זייפ. איצט גראָבנ די דײַטשנ די ערד. גייט. וועט איר אריבער, איז אײַער גליק, איכ ווינטש עס אײַכ פונ גאנצנ הארצנ. נאָר טאָמער פאלט איר דורכ, ברענגט מיכ ניט אומ.

— זײַ רויק, פרײַנט, גוטער מענטש, זאָגנ א דאנק פאר אזא הילפ איז גאָרניש. ווערטער זײַנענ אינ אזא פאל קנאפּ. קאָלזמאנ די לעוואָנע איז נישט אופגעגאנגענ, לאָמיר גיינ.

— ווארט, — האָט די יונגע געזאָגט. — איכ וועל אײַכ געבנ ברויט אפנ וועג.

מיר האָבנ באדאנקט די באלעבאָסטע אונ זיכ אָפּגעזעגנט מיטנ אלטנ. ער האָט אונדז איבערגעציילעמט.

דאָס איז געשענ אינ דער נאכט פונ 19 אפנ 20 אָקטיאבער 1943 יאָר. ווידער זײַנענ מיר געווענ אפ דער סאָוועטישער ערד. אונ כאָטש דאָ האָבנ נאָכ געבאלעבאטעוועט די דײַטשנ, האָט זיכ אונדז געדאכט, אז די לופט איז דאָ אנ אנדערע, א פרישערע, די וועגנ, דיביימער, דער הימל — היימישער אונ פרײַנטלעכער.

דעמ 22 אָקטיאבער האָבנ מיר אינ ברעסטער געגנט זיכ צומ ערשטנ מאָל באגעגנט מיט די פּארטיזאנער פונעמ אָטריאד אפנ נאָמענ פונ כאווער וואָראָשילאָוו. מײַנ לעבנ אונ מײַנ ארבעט בא די פּארטיזאנער איז א קאפּיטל פאר זיכ, וואָס איכ וועל נאָכ עפּשער אמאָל האָבנ די געלעגנהײַט צו דערציילנ.